יאָסל גאָלדבערג



אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קעמפּערס:
מייער יונגמאַן, אַווראַמל ווינער, יאַנקל, הערשל
און מייער ליסט

# דער בייטראָג פון דער איינבינדעריי פון די כאַווײרים: פּאָליסעצקי און זין, אַז דאָס בוך: „דאָס זיבן און דרייסיקסטע יאָר" זאָל קענען דערשיינען

די אײַנבינדערײַ וואָס געהערט צו דעם באַקאַנטן קולטור־טוער מאָטל פּאָליסעצקי און קינדער, האָט נאָכפאָלגנדיק די שענסטע טראַדיציעס פון די באַרימטע ייִדישע פאַרלאַגן: „ברידער ראָם", פאַרלאַג קלעצקין א. א. וועלכע זײַנען אין זייער צײַט געווען פונדאַמענטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור — זיך געשטעלט אַף דער הויך, אין דעם איצטיק שווערן מאָמענט, צו באַנײַען יענע ליכ־טיקע טקופע, דורך בײַטראָגן דעם אײַנבונד פונעם בוך, ווי אַן אויסדרוק פון סטימול פאַרן מעכאַבער צו ווײַטערדיקע שעפערישקייט.

שוין לאַנג אַז אַזאַ עמאָציאָנעל־באַוווּסטזיניקער זשעסט איז ניט באַוויזן געוואָרן דורך אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג. עמעס איז, אַז די וואָס קענען דעם כאַווער מאָטל פּאָליסעצ־קיס אָפּגעגאַנגענעם וועג, ווי אַ בויער פון דער ייִדישער פאָלקס־קולטור, ווייסן, אַז זײַן דעציזיע, איז אַ צײַטיקער אויסדרוק פון זײַנע אידייען און שטרעבונגען.

דער כאַווער מאָטל פּאָליסעצקי איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון דעם קאָמיטעט צו אַרויסגעבן דאָס בוך „דאָס זיבן און דרײַסיקסטע יאָר" און כאָטש צוליב אויפריכטיקייט און אַניוועס, האָט ער דורכוים געוואָלט, אַז זײַן בײַטראָג זאָל פאַרבײַגיין אומבאַמערקט — שיקן מיר אים איבער עפנט־לעך אונדזער האַרציקסטן דאַנק און די טיפסטע אָנערקענונג.

קאָמיטעט צו אַרויסגעבן דאָס בוך:
„דאָס זיבן און דרײַסיקסטע יאָר".

בועָנאָס אײַרעס, מײַ, 1967.

# אין באַנין

אַ קאַלטער פאַרכמאַרעטער הימל,
אַ דינינק רעגנדל טריפט;
עס ליגן די גאַסן אין דרימל,
פאַרמאַיעט אין שווײַגן און מיד.
זיי ליגן פאַרבלאַסט און אין אומעט,
ווי מייסים פאַרגליווערט, פאַרקלעמט,
— ווער האַלט עס אַצינד דאָ אין קומען? —
האָט אַ ראָג בײַ זײַן שאָכן געפרעגט.

ווער וועקט אַזוי האַסטיק דאָס שווײַגן?
ווער וואַלגערט די שטיינער, דאָ, ווער?
געראַשט און געשורשט האָבן צווײַגן,
ס'האָבן שטיינער און טירן געהערט
די טריט פון אַ גיבער וואָס האַמערט,
וואָס שפּאַנט, וואָס וועקט, וואָס רופט,
ער אײַלט, ער טאָר ניט פאַרזאַמען —
אַף וואָג-שאָל איז יעדע מינוט.

ס'איז יאַנקל געגאַנגען צום פונקט,
ווו פײַערמאַן וועט אַף אים וואַרטן.
ווי אַ בין-זשום אַדורך איז זײַן רוף:
קום ברודער. מיר וועלן אַ שפּאַן-טאָן,
כאָטש דאָרט די פאַבריק איז באַוואַכט
פון שפּיאָנען וואָס טשאַטען ווי הינט — — —

ס'האָבןביידע געטרוימט און געטראַכט
פון דעם גליק, ווען דער שטרײַק וואָלט געזיגט.

ס'וועקט פאַרטאָג זיך אַ בלאַסער,
קוים וואָס ער שטייט אַף די פיס.
פון די ווענט — עס רעדן פּלאַקאַטן,
לאָזונגען ווי קוילן צעגליט;
זיי רופן, זיי וועקן, זיי צינדן,
די הערצער פון אַרבעטער־קלאַס;
די באַנאַכטיקע זיצונג ט'באַשליסן
ווען ס'הייבט אָן זיך די שלאַכט.

די אָנפירונג קומט הײַנט צונויף זיך,
יונגמאַנען, מאַלאַמודן זאָג אָן.
מ'טרעפט זיך אַף וואַרנעס און קאַנינג,
די זיצונג איז נאָענט פון דאָרט.
דעם שטרײַק — מירן הײַנט נאָך דערקלערן,
דעם אָנגריף — צעברעכן, דערשלאָגן,
ס'וואַרטן איצט טעג אַף אונדז שווערע,
הערשערס מיט טעראָר וועלן האָגלען.

די אַרבעטער־געגנט פּאַטערנאַל,
שטייט אויף דערשעפּט פון דער נאַכט,
קאַיאָר דעם הימל צעפּראַלט,
אַ טאָג אַ נײַער דערוואַכט.
אַ טיר נאָך אַ טיר ווערט געעפנט,
פול ווערן גאַסן מיט פּלייצעס:
סטאָליערס, שנײַדערס, שטעפּערס,
מיט פּענעמער האַרטע און שטרענגע.

זיי גייען און ווערן פאַרשלונגען
פון טויערן, טירן צעפּראַלטע.
— לאָמיר אַ שפּאַן טאָן און מונטער,
די אויפרופן — טיילן, צעוואַרפן.
ס'צינדט אָן זיך יאַנקלס פּאָנעם,

די אויגן — זיי פײַערן, בליצן:
לאָזונגען וועקן און מאָנען,
ווערטער ווי שרויט זיך צעשיטן.

די בינע — אַ קעסטל פון מיסט,
און פײַערמאַן רעדט צו דער מאַסע:
אַ געווונענער שטרײַק וועט געווים
באַזײַטיקן שווערע לאַסטן.
דער סוינע איז ווילד און צערייצט,
ער וויל אונדז דורך הונגער דערדריקן;
ווי ברידער, פאַרייניקט, זײַט גרייט,
צום שווערן געראַנגל און זיגן.

די זון ווי אַ גאַסט איז געקומען
און האָט זיך באַזעצט אַף אַ ראָג.
פאַרקלעמטע די פויסטן, אין שטורעם,
זיי שלינגען זײַן ס'פלאַמיקע וואָרט.
און ער, דער אַלטער, ער ברויזט,
ווי אַ כוואַליע צעשוימט אין געוויטער:
אַ פעסטונג דאַרף זײַן יעדעם הויז!
איר אין געראַנגל — אומדערשיטערט!

רײַטער מיט ביקסן געלאָדן,
פאַרשטיינט וואַרטן אָפּ די באַפעלן.
— „באַווײַרים! מיט האַמערס און דלאָטעס,
אין באַסטיליעס פאַרוואַנדלט די שוועלן!"
די גאַס איז געוואָרן באַלאַגערט,
פון אַנגסטן, פון פּאַכעד, פון זאָרגן,
וואָס האָבן געקלעמט און געהאַמערט
אַף פליגל פון גרויל זיך געטראָגן.

ס'האָט פּלוצים די לופט אויפגעריסן
אַ שאָס פון אַ פּאָליציייִש פיסטויל.
— „איצט מיט די שווערדן געשניטן

און דאָרט ווו מען דאַרף — איז אַ קויל.
נאָר געבליבן איז פּלוצים פאַרגליווערט,
דער הענקער וואָס האָט מאָרדן באַפוילן;
ס'האָט די מאַסע ווי אַ וויזגע, געזוויכער,
געהאָגלט מיט שטיינער און קוילן.

עס האָבן די שויבן געבראַזגעט,
די לאָמפּן, די שפּיגלען, קריסטאַלן.
— „אָן מעסירעס־נעפעש־געראַנגל,
זיינען טייַנעס גערעכטע פאַרפאַלן.
ניט העלפן וועט איצט אונדז קיינער,
ניט גאָט, אַפילע קיין העלד" — — — —
סעניאָר שטיין איז געשטאַנען פאַרשטיינערט,
און געזען ווי ס'זינקט זיַין וועלט.

אין יענעם העלן פרימאָרגן,
זיַין פאַבריק איז געבליבן פאַרמאַכט;
זיַין טרוים איז געלעגן דערוואָרגן,
וואָס ער האָט געשפּינט און פאַרטראַכט.
ס'איז שטיין געשטאַנען פאַרביטערט,
ווי צו אים אַ קראָ וואָלט געקראַקעט,
און ער האָט געזען ווי אַ גיבער
די קייטן פון הענט צעשמעטערט.

ס'האָט שטיין געקוקט פאַרשטיינערט,
פון אַ שטיין ז'אים געפאַלן אַ שפּליטער — — — —
— „ניט העלפן וועט איצט שוין קיינער,
אַפילע אויב אַצינד זיי פאַרשפּילן".
פון ווענט וואָס ווערן צעפאַלן,
ט'ער געהערט אַן איימידיק קראַך;
און ער האָט געהערט ווי עס שפּאַנען
באַטאַליאָנען — די אַרבעטער־מאַכט.

ס'האָבן זיך שפּיאָנען געיאָגט,
אין הויפן געזוכט און גענישטערט.

ניט אַנדערש געגרייט אַ קאַמפּלאָט,
דערקלערט האָבן טעמפּע ריכטער.
מיט רוגזע — געיושעט פון קאַס
אַרעסטירטע געפּאַרשט אין געהיים.
די נאַכט, ווי אַ מאַסע ז׳געפּאַלן,
מיט זאָרג האָט געקוקט יעדער שטיין דאָ.

פון פאַרוואָלקנטן הימל די ראַנדן,
האָבן פאַרטונקלט די ערד.
עס האָט זיך געדאַכט אַז אַ מאַבל
וועט פאַרשווענקען, ס׳וועט ווערן צעשמעטערט,
אַלץ וואָס מיט מי האָט דער מענטש,
יאָרהונדערטער געבויט, געטאָקט;
ס׳האָבן דונערס דעם אומרו געוועקט,
ס׳האָבן בליצן דעם פּאַכעד געיאָגט.

ס׳האָבן וואָלקנס די שטערן פאַרשטעלט,
ס׳האָבן בליצן די וואָלקנס צעריסן;
די נאַכט האָט געהערט ווי מען רעדט:
וועגן ברויט, קאַמף און געוויסן;
די נאַכט האָט געהערט ווי מ׳קרעכצט,
ווי מ׳שנײַדט, ווי מ׳שרײַט, ווי מ׳שלאָגט;
ס׳געוואַי פון טפיסע־קאַטש אין געיעג,
די רעציכע פון די, מיט מאַוזערס באַלאַדט.

די נאַכט האָט געהערט דעם באַפעל:
דעם שטרײַק זאָל מען בלוטיק דערדריקן!
אַ וואַך באַ יעטוועדער שוועל,
ווו ס׳ווינען וויכטיקע פירערס;
די נאַכט האָט געהערט ווי מען פּלאַנט:
פאַרזיכערן מילך פאַר קינדער;
גראָבן סאָלידאַריש אַ קוואַל
פון הילף, פון ברידער צו ברידער.

די נאַכט האָט געהערט ווי עס שפּאַנט
די „גוואַרדיאַ דע אַסאַלטאָ” מיט פוריע; 1)
— „דעם באַפעל פאָלגט אויס מיט קראַפט,
שיסט אין קאָמוניסטישע האָרדעס!”
די נאַכט האָט געהערט די פּראָקלאַמע
פון שטרײַק־קאָמיטעט צום פאָלק:
„אונדזער געראַנגל איז אַלעמענס,
דער ניצחון — איז אויך אײַער שטאָלץ”.

די נאַכט האָט געהערט ווי קוסעל, 2)
האָט באַפוילן זײַן הענקער־שטאַב:
ראכמאָנעס און מיטלייד? — טיפּשים!
וועמען איר טרעפט — פאַרהאַלט!
די נאַכט האָט געהערט דעם באַריכט,
וועגן מאַצעוו פון קינדערלעך קליינע
מ'האָט באַשלאָסן מ'זאָל אָפּ גיך,
פאַרטיילן שפּײַז אין די היימען!

פון מיזרעך האָבן ווינטעלעך האַרטע,
די וואָלקנס די שווערע געטריבן.
— נו גיכער מיר קענען ניט וואַרטן,
צײַט — פאַר אײַך ווינציק געבליבן.
ס'האָבן זיך וואָלקנס געקלאַמערט,
די נאַכט ניט געוואָלט פאַרלאָזן;
קאַיאָר האָט געלעכערט, געהאַמערט,
נאָך אים — אַ ליכטיקער פרימאָרגן.

דער שטרײַק־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן:
אין רעזערוו אַ צווייטן באַשטימען.
אַף אַ זיג דאַרף מען באַלד ניט האָפן,
זאָל ס'אײַזן ניט אויפהערן גליִען.
מען האָט זיך געזעגנט ווי ברידער,

---

1) שטורעם־טרופּן.
2) שעף פון דער ספּעציעלער סעקציע קעגן קאָמוניזם.

זוי טרעגער פון פלאַמיקע פאקלען,
וואָס ווען די זומפּן אַריבער,
קענן טראָר זיך ניט וואַקלען.

זיי זײַנען אַרוים בישטיקע,
אַז שפּיקעס זאָלן זיי ניט באַמערקן.
דער באַגין ט'זיי געגלעט מיט ליבע
פון ראָגן, פון דעכער, פון גערטנער.
דער באַגין באַגריסט האָט דעם גאַנג
צו אַ זוניקער ליכטיקער ערד;
פון שטראַליקע סטרונעס ט'געברויזט אַ געזאַנג:
„מיט אונדזער קלייזאיען מיר באַפרייען די וועלט!".

# דער באַלעם פון זיג

לאָזונגען האָבן ווי דונערס
געזאַלפּט, געקנאַלט, געשמעטערט
ניט מיט גרויל. מיט לויטערע בסורעס,
פאַרוויקלט אין גרינינקע בלעטער...
ס׳האָט דער אָנזאָג פון שטרײַק דערוועקט,
אַ צויבער וואָס שווימט צו די ברעגן;
די פרייד דערהויבן ביז בערג,
מיט זאַטקייט פאַרפלייצן די וועגן.

ווי בליצן האָבן לאָזונגען געפלאַמט.
אין געיעג די כמאַרעס צעשניטן.
דער זיג ,ער קומט אומפאַרזאַמט,
איז שמידט אים אין פײַער צעגליטן;
צעטראָגט עס, דאָס וואָרט אין צאַפּל,
וואָס פון פרײַהייט איז עס געטאָקט.
זאָל עס זײַן דער שאַל און דער וואָפן,
דער לייטער צום לויטער פון טאָג.

אָט איז ער דער טאָג פון ניצאָכן,
לייענט „דאָס אַרבעטער־וואָרט” !
קיין שום פאַבריק איז הײַנט אָפן,
דער זיג איז איצט זיכער און קלאָר;
אַכדעס — ווי אַ ליכטיקער טורעם,
ווערט קעסיידער פון שטראַלן באַגאָסן,

ניט פון קיין האָגל און שטורעם
וועט ער ווערן צעשטערט און פאַרלאָשן.

צו שוועלן פון אַרבעטער־קלאַס,
איז ביטאָכן געקומען מיט פרייד,
אין הילצערנע קיכן ט׳ער געבראַכט,
אי רייַז, אי צוקער, אי פלייש;
ער האָט מילך פאַר קינדער געטראָגן,
ברויט און פוטער און ווייַן — — — —
— ניט זייַט מער פאַרזאָרגט און צעטראָגן,
אַ געהעכערטער לוין וועט שוין זייַן.

עס וועט זייַן! עס וועט זייַן! עס וועט זייַן!
ס׳האָט סאָרקע פאַרוויגט איר קינד;
שלאָף זשע יינגעלע איצט אייַן,
אין סינדיקאַט איז דער טאַטע אַצינד.
ער שטייט אַף דער בינע צעפלאַמט,
די הערצער פון פאָלק ער צינדט.
„אַקסל בײַ אַקסל און האַנט בײַ האַנט,
און בסורעס אַף פליגלען פון ווינט.״

עס וועט זייַן! עס וועט זייַן! עס וועט זייַן!
שיכעלעך שייַנינקע ,נייַע,
וועלן טעג ניט שווער זייַן ווי בלייַ,
די זון וועט צו אונדז אויך שייַנען.
די אייגעלעך דייַנע פאַרמאַך,
שמייכל אין זיסינקן טרוים;
דער טאַטע פירט איצטער אַ שלאַכט,
פאַר שפילצייַג, פאַר פרייַהייט, פאַר ברויט.

עס וועט זייַן! עס וועט זייַן! עס וועט זייַן!
האָט בראַוואָ געשעפּטשעט שטיל.
די לעוואָנע אין אַ וואָלקן ז׳אַרייַן,
ניט הערן, ניט שטערן זי וויל.

ווי פלאַנצן פאַרבונדן דורך צווײַגן,
זײ זײַנען געשטאַנען באַהעפט;
די נאַכט האָט געהערט ווי זײ שווײַגן,
זי האָט זײ געהאַלדזט און געגלעט.

איצט ווען דעם שטרײַק מיר געווינען,
וועט אַ העכערער זײַן דער לוין;
אַ דירע מיר וועלן זיך דינגען,
אַ צימער, אַ קיך און שוין.
און מעבל, געשיר און קליידער? —
וועסט זען, עס וועט סטײַען געווים;
דאָס קלאַפּן פון הערצער, פון הייסע,
האָט די נאַכט געהערט אין דער שטיל.

עס וועט זײַן! עס וועט זײַן! עס וועט זײַן!
האָט די אַלטע סוסאַנאַ געזאָגט:
אַ נײַער דער טאָג וועט אַרײַן,
כ'וועל מערער ניט זיין פאַרבאָרגט.
פאַמעלעך און יעטוועדן טאָג,
די כאַסענע גרייטן מיר וועלן;
געטראַכט פון דעם כ'האָב אָפט
און געוויינט באַ פרעמדע שוועלן...

עס האָט סוסאַנאַ געזען,
איר טאָכטערס כאַסענע־גאַרדעראָב:
אַ קלייד פון קרעפּ דע שין
און איינע פון טיול און שיפאָן;
און זי האָט געהערט דאָס געזאַנג,
פון אַ טיפער פאַרבאָרגענער פרייד,
וואָס געיווירט און געווירבלט האָט לאַנג
און איצטער די פליגל צעשפּרייט.

און זי האָט געהערט ווי מען פּויקט,
מ'טאַנצט, מ'האָפּקעט אַ פריילעכס.
שטערן פון הימל אין געלויף,

ליכטיק זיך שײַטן פֿון אויבן.
עס דרייען זיך פּיס אַזוי בליציק,
און ס'פינקלען אויגן און שטערן;
די פרייד ווי אַ שטראָם לויפט פליסיק
און יאָגט זיך צו טאָלן פֿון שפּיצבערג.

בלאָסע, פאַרשמירטע אין בלאָטע,
זיי האָבן געזשומעט ווי בינען:
מײַן טאַטע וועט קויפן אַ מאָטאָ,
ווען ער, דעם שטרײַק וועט געווינען.
זײַן וועט דער מאָטאָ אַ גרויסער,
לויפן וועט ער ווי אַ באַן;
איר קוקט מיט צעגלאָצטע אויגן? —
אַ מאָטאָ אַזאַ איז פאַראַן!

אַ מאָטאָ, אַ וואַזשנע מעציִע,
אַ מאָטאָ לויפט נאָר אַף דער ערד.
אַז דעם שטרײַק וועט דער טאַטע געווינען,
אַן אַוויאָן וועט ער קויפן, איך שווער!
אַן אַוויאָן מיט עמעסע פליגל,
וואָס פליט אָן אָפּשטעל אַ יאָר;
מירן פליִען נאָך העכער פון הימל,
ווײַטער — פון דער ווײַטסטער שטאָט.

און איך וועל זײַן דער פּילאָט,
זײַן אַ פּילאָט דאַרף מען קענען.
ס'האָט ווערכטן מײַן טאַטע געזאָגט:
אַ שול וועט דאָ זײַן און אַף שטענדיק.
אַז ווי נאָר געווינט ער דעם שטרײַק,
וועט מײַן טאַטע אין שול מיך שיקן;
אַ פּילאָט טאָר ניט זײַן פאַרשײַט,
אַלץ דאַרף ער קענען און וויסן.

ס'איז דער הימל אַראָפּ אַף דער ערד,
און פאַרדעקט די פאַרמיסטיקטע גאַסן;

ביימעלעך האָבן געקלערט:
די וועלט איבערנייַס ווערט באַשאַפן.
קאַיאָר איז געגאַנגען צום טאָג,
ווי אַ פרוי צו איר מאַן מיט אַ סאָד...
ס׳האָבן פויגלען געצוויטשערט אין כאָר,
געוועקט אַ גאָלדיקן פּאַרטאָג.

ס׳האָבן זיך קינדער און שטראַלן,
געשפּילט און געהוידעט אין פּאַרקן.
די נויט איז געוואָרן פאַרפאַלן,
פאַר כאַרפּע האָט זיך הונגער באַהאַלטן.
מיידלעך האָבן קליידער גענייט,
אַף פעלדער מען האָט געאַקערט, געבראָגיעט;
מ׳האָט געשפּילט אַף פידל און פלייט,
פון געוווּנענעם שטרייַק די סימפאָניע.

מ׳האָט די ניגונים געהערט
פון ניצאָכן, פון מיזרעך ביז מייַרעוו.
זיי האָבן דעם גליוועך צעשטערט,
זיי האָבן געוועקט און געלייַטערט.
זיי האָבן קאַיאָרן געצונדן,
זיי האָבן די שאָטנס פאַריאָגט;
ס׳געצוווּנגענע שווייַגן צעבונדן
אַף רוקן פון שטורעמס זאָל קומען דער טאָג.

# דער שטרײַק

פּאַבריקן באַוואַכטע, קעגן בויאַנעס
וואָס האָבן ווי וועלף, דאָרטן געלויערט;
די פּיסקעס מ'האָט זיי צעבײַלט, צעכמאַליעט,
ניט אײנער ווי אַ הונט האָט געריטשעט, געוואָיעט.
ניט אײנמאָל האָבן בליצן דעם הימל צעשניטן,
דונערן האָבן צעטרעשטשעט דעם רוים;
אין געפאַר ז' די זעלבסטשוץ, געקומען באַשיצן
די שטרײַקערס וואָס געטראָגן דעם יאָך, האָבן קוים.

רײַטער, שפּיאָנען, שוואַרציאָרן,
האָבן אַרבעטער־קוואַרטאַלן באַלאַגערט.
— „סטאָם אַ שטרײַק ווערט פּלוצעם געבאָרן?"
פרעגט די פּרעסע מיט גיפט און זשאַווער.
אַגיטאַטאָרן מוז מען פון לאַנד פאַרטרײַבן,
פאַרמישפּעטן זיי אַף אײביקער טפּיסע;
פאַרשיקן, דערמאָרדן, קיין זײַכער זאָל בלײַבן,
דאָס לאַנד פון אַזעלכע זאָל מער ניט וויסן.

אין אַ צימער אַן ענגס און פאַרקלעמטס,
האָט זיך פאַרזאַמלט דער שטרײַק־קאָמיטעט.
מיט דרייסטקייט אין בליק, די ווערטער געפּרעסט,
האָט יאַנקל ליסט געמאָלט דעם פאַרמעסט:
„דער שטרײַק האָט געעפנט פראָנטן נײַע,
ס'איז ניט נאָר אַ קאַמף פאַר אַ סקאָרינקע ברויט;

די יאָדרע אַצינד — נאַציאָנאַלע באַפרייַונג
און קעגן פאַשיזם — אַף לעבן און טויט.״

„פול זיינען טפּיסעס מיט אַרבעטער־ברידער,
געפורעמטער שטאָל ז'ניט געוואָרן געדירט;
ס'איז קיינער צום סוינע ביז איצטער אַריבער,
ס'האָט קיינער פאַרראַטן, געוואָרן פאַרפירט;
ס'וואַקסט דער געדראַנג אין סינדיקאַט,
אייניקייט — שטאַרקן דורך אַ פאַרבאַנד,
דעמאָלט וועט זייַן מעכטיק דער שפּאַן,
אין גאַנג און געראַנגל פאַר פרייַהייט אין לאַנד.

די פרייד פון יעצירע ט'געצאַפּלט אין דראַנג,
די מונטערע טריט פון דער סעכעטע. 3)
— „פאַרשטייט כאַווײרים וואָס ס'מיינט און באַטייַט,
ווען אייניקייט איז בא אונדז אָפן שוועל״.
ווי אַ פאָן אין פלאַטער, אַף אַ שווימענדיקער שיף,
וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט שטורעם אין יאַם,
האָט דער אָנזאָג צעברויזט די געמיטער טיף,
ס'האָט געבליצט, געבלאַנקט פון ניצאָכן דער פלאַם.

די נאַכט, ווי אַ קינד, איז געשלאָפן באַוואַכט
פון דער לעוואָנע, צעפינקלטע שטערן.
איז די שאַלווע אַצינד, ווי ערעוו אַ שלאַכט,
וואָס וועט ווי אַ האָגל געוויקסן צעשטערן?
פון האַספּיקע טריט, דאַ נאָענט, אַרום,
נאָגנדיקן אומרו ט'געוואָלט דערהערן:
צי גייען ניט שפּיאָנען בישטיקע דאָ אום?
וועט מען דעם שטרייַק, אומלעגאַל דערקלערן?

ס'זיינען די קנייטשן אין פייערמאַנס פּאָנים
טיפער געוואָרן פון אומרו און צאַאר.
— „דורך הונגער פאַרשקלאַפן, ווילן די סאָנים,

---

צענטראַל־קאָמיטעט פון אַרבעטער־סינדיקאַטן.

סאָלידאַרישע הילף מוז ווערן געשטאַרקט.
טאָרגן ווי נעכטן מיט גוטסקייט און שטרענג,
צום ניצאָכן מיר שפּאַנען מיט פרייד און טרערן;
ניט סאָף-נאַכט דעם קאַיאַר אַף אירע אַקסלען ברענגט,
נאָר געראַנגל פון אויראָרע, אַז ליכטיק זאָל ווערן.

פּאַרטראַכטע זיי זיצן, יונגמאַן פּאַרצייכנט
די שטרענגע באַשלוסן פון שטרייַק-קאָמיטעט.
די מידקייט זי דריקט אַף פּענעמער בלייכע,
וואָס האָבן קיין רו ניט אין נעכט און אין טעג.
פון דייַגעס צעקאַרבט, פון פּייַנען צעגראַבלט,
זיי פּיבערן אַלע מיט איין-איינציקן פאַרלאַנג:
זיי ווילן דאָס לאַנד זאָל בליִען און וואַקסן,
געניסער פון מי — דאָס פאָלק זאָל זייַן.

זיי זיצן אין אָנשטרענג, ס׳זאָגט מאַרעטי:
„מיט היטלערס ראַסיזם זיי באַפאַלן דעם שטרייַק;
ס׳ווערט ברייט דער פראָנט, נאָר פאַרשטיינט די וועגן,
מיר דאַרפן דעריבער שטאַרקער איצט זייַן!
זיי ווילן צעטיילן די אַרבעטער-מאַסע,
אַף ייִדן, איטאַליענער, אַרגענטינער, רוסן,
אַז איינער דעם צווייטן זאָלן עקלען און האַסן,
ס׳איז אַ הייליקער ציל, צו איניקייט רופן”.

אין דערוואַכונג זיי זיצן, ס׳ווערט טיף די נאַכט,
דער האַרבסטיקער ווינט גרייַפט אָן די ראָגן;
דער כווישעך האָט זייַנע אויגן פאַרמאַכט,
ער וויל ניט זען דעם אָנהויב פון טאָגן.
באַגין האָט געבראָכן די וואלקנשע וועגט,
אים האָבן געטראָגן צעהויקערטע פּלייצעס;
אים האָבן געטראָגן מאַזאָלישע הענט;
אים האָבן געקושט הערצער הייסע.

# פאַרמאַכטע פאַבריקן

ס'האָט זיך דער הימל מיט כמאַרעס פאַרצויגן,
און אָט זיינען כמאַרעס צעגאַנגען ווי רויך;
אין געיעג האָבן וואָלקנס ראַנדן פאַרבויגן,
ווי אַ כאַפּטע היענעס — געקומען נאָך רויב.
שוימיקע כוואַליעס אין ווילדן געפּליסטער,
זוניקע שטראַלן קושן די בערג — — — —
מיט אַרבעטער־קעמפּערס פּול זיינען טפּיסעס,
ס'ווערט טייקעף פאַרבויט וואָס דער סוינע צעשטערט.

ס'אַרויס פון די ברעגן אַ הייסער געוויטער,
ער יאָגט, ער שטראָמט, ער שניידט, ער שלאָגט,
איז ווער וועט אים קענען פאַרהאַלטן אַצינדער?
ווער קען אים זאָגן: געוויטער ניט יאָג!
ווער קען באַפעלן: בלייב שטיין פאַרשטאַרט!
ווער קען דיקטירן: די אויגן פאַרמאַך!
דעם פּאַבעד — ט'מערידע ווי אַ שויב צעבראָזגעט
פון דוירעס ליידן — פלאַקערט אַ שלאַכט!

געהערט האָבן נעכט טריט פון זשאַנדאַרן,
דאָס ריטמישע קלאַפּן פון פערדישע פיס.
אַרום די פאַבריקן, שפּיאָנען זיך שאַרן,
שפּיזן — אין אויגן, אין פיסקעס — גיפט;
זיי טראָגן באַפעלן געהיימע פאַרטאַיעט,
ווי כאַיעס אין לויער זיי וואַרטן אַף רויב;

אין לאָקער פּאַרבאָרגן, גרייט מיטן שפּײַער,
שיסן אַף קרעמערס פון מילך און פון ברויט.

פאַראַן אַ באַפעל, מ׳מוז אים דערפילן,
דריקן דעם שטרײַק דורך הונגער און נויט;
דערהערסט אַ געוויש, ס׳קײַקלט אַ פורל,
ווען קוים דער הימל ווערט קאַלכיק און גרוי,
דעריאָג זי אַף גיך, נעם זי אין קלעם,
און טאַמער רעוואָלט — גלײַך צום געווער,
ווער הילף זיי גיט, איז אַ סוינע, דערקען!
אַכדעס און שטיצע — מיט וואָרצל צעשטער!

געהערט האָבן נעכט טריט פון זשאַנדאַרן,
דאָס ריטמישע קלאַפּן פון פערדישע פיס;
— „די האַרבסטע געזעצן אָנווענדן דאַרף מען"
האָט ריטמיש געשטעפּט אַ רעדאַקציע־טיש...
אין האָל פון פּאַרלאַמענט, אין די קולואַרן,
האָבן הערן דעפּוטאַטן אומרו באַוויזן:
„די אַנטוויקלונג פון לאַנד זיי ווילן פאַרהאַלטן" — —
זיי האָבן דערזען ס׳געשפּענסט פון קאָמוניזם.

„צעצונדן זוי פלאַמען, מוליאַרעס וועלן
צושטיין צום שטרײַק, זיי זיינען אַ סאַך!
ס׳וועלן ניט העלפן געזעצן, באַפעלן,
זיי וועלן זיך שלאָגן פאַר „רעכט און פאַר מאַכט".
זיי האָבן געזען ווי פון היילן און בערג,
שפּאַנען מיליאָנען, זיי טרייסלען די ערד,
זייער נעקאָמע — שאַרף ווי די שווערד,
גליאיקער האָס ברענט אין די הענט.

פאַרמאַכטע פאַבריקן. פאַרטאָגיק ווינטל
יאָגט זיך אַרום מיט סוידעס אין פאַלד.
אַ כוואָשטש און אַ ציפּ, ניט־האָט קיין פּאַראיבל,
די שאָרסטקע וועכטער טוליען זיך באַלד.

ס׳דרייט זיך און האָפּקעט דער ווינט, ער לאַכט:
דער שטרײַק־קאָמיטעט ט׳זיך פאַרזאַמלט די נאַכט,
שלאָף פּאָליציי־וואַך, דאָס פאָלק האָט דערוואַכט!
זוניקע בסורעס — טאָג האָט געבראַכט.

מ׳זאָגט אַז קרעמער פון מילך, פון ברויט,
וועלן די שטרײַקער געבן אַף באָרג;
מ׳זאָגט: ס׳האָט איינער פון זיי, פאַרטרויט:
„פאַבריקאַנטן זיינען זייער באַזאָרגט,
און שפּריצן מיט גיפט: ס׳איז אַ ביזאָיען,
קיין איינעם פון שטרײַקערס האָט ביז איצט
ניט געלאָקט פּעטע צוזאָגן אין מוידאָעס
און די פאַרזיכערונג צו זײַן באַשיצט״.

ס׳האָבן זיך בײַכיקע הערן געהיצט:
„דער שטרײַק ווערט געפירט פון אַכיינו יִיסראָעל!
איז אַ וווּנדער גאָר, וואָס ייִד און קאָמוניסט
זיינען איינס־דאָס־זעלבע, זאָגן די גויים״.
זיי האָבן געשאָלטן און האָבן געזידלט,
די ציין געשטשירעט פון סינע און האַס:
„אויב היטלער באַשולדיקט נאָר די ייִדן,
איז מיסטאָמע אין דעם, דאָ עמעס אַ סאַך״.

טויערן וואַרטן זיך צו געבן אַן עפן,
אַז סטאָליערס זאָלן מוטיק אַרײַן;
ס׳האָבן גאַסן געוואַרט אַף זשומען פון זעגן,
אַף האַמערשן אימפּעט, שווונג און געזאַנג;
געלעגן זיינען גאַסן געשמידט אין גליווער,
מיט שפּיציקע פויסטן, אין סאַקאָנע און קלעם;
ס׳האָבן אויגן שפּיאָנישע, געזוכט, גענישטערט
און פּאַכעד געזייט בא יעטוועדן שוועל.

ס׳האָבן זיך טעג געקאָרטשעט אין געוואַי,
בלײַיאַיקע הימלען — אין טרעוואָגע אַף שטורעם;
דער שטרײַק איז געווען ווי פאַרזונקען אין טוי:

דו ווייסט עד איז דאָ, נאָר זעסט ניט זײַן פּאָנים.
אין כאָלעל ז'געהאנגען די פאַרפּרעסטע פויסט
פון אַרבעטער־קלאַס, אין צאָרן פאַרקלעמט — — — —
נאָר ס'האָט זיך מיט אימפּעט, דער גרויזאַמער טויט,
געוואָרפן אַף איר מ'ט פּיסטויל אין די הענט.

די נאַכט האָט געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן,
ווי שטרײַקער קלעפּן אין געהיים פּלאַקאַטן.
אַ געמורמל פון אַ שוווּע ט'געזשאַרעט ווי קוילן:
זאָל קיינער זײַן קלאַס קיינמאָל פאַרראַטן!
ס'איז אונדזער די פעסטונג, די וואָס מיר שמידן!
„דאָס וואָס מיר שמידן — אַ פעסטונג וועט ווערן!
גאָרניט פון נעכטן איז אונדז פאַרבליבן,
און מאָרגן וועט אַלץ — אַלעמען געהערן".

די נאַכט האָט געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן,
שפּיאָנען וועבן ווי שפּינען אַ נעץ:
„ווי נאָר זיי וועלן אַף סעראַנאַ פאַרבײַגיין,
מיט אַן אײַזן דערלאַנג איינעם אַ זעץ.
אין סאַמע ווירוואַר, אומרו, סומאַטאָכע,
לאָזן אין גאַנג אויטאָמאַטיש געווער,
דערנאָך וועט שוין זײַן דער שטרײַק געבראָכן,
פאַרשפּאָרן בונטאַרן ט'ניט אָנקומען שווער".

די נאַכט האָט געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן,
ווי ס'פּאַלט פון אַ פעלדז אַ שפּיציקער שטיין.
דער טויט האָט אַ מעסער פון אַ שייד געצויגן,
און האָט אים פאַרשטשימעט צווישן די ציין.
זיי האָבן געוואַרט ווי כאַיעס אין לויער,
אַף די וואָס האָבן שטערן געזייט, — — —
דערנאָך האָבן שטערן, געצאַנקט אין טרויער,
און קינדער אין וויגן האָבן געוויינט.

די נאַכט האָט געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן,
אַף פאַרשטאַרטע אויגן פון מייער יונגמאַן.

— „דעם פאַרברעך ווער האָט, גרויזאַם באַוויגן ?!
ווערטער, ווי שײַטערס צינדט אָן זיך אין פלאַם!"
די נאַכט האָט געהערט ווי עס שפּאַרט אַ געוויטער,
ווי ס'יאָגן זיך רײַטער מיט טויט אַף אַקסלען;
ווי עס ווערן צעפלאַקערט פון פאָלק די געמיטער,
גרייטע צו גיין קעגן האָגל און שלאַקסן.

ס'האָט אין דער נאַכט אַ געשריי זיך געטראָגן,
וואָס האָט ווי אַן עכאָ געהילכט אין רוים.
באַוואָקסן מיט צאַאַר, מיט אימפּעט באַלאָדן,
האָט אומרו אין הײַזער געוועקט און פאַרטרוים;
דער טאָג האָט דערוואַכט מיט בלוטיקע פלעקן,
דער טאָג האָט געשפּאַנט מיט אַלאַרמישע טריט;
דאָס שווײַגן פון טויטן, ט'אָנגעהויבן וועקן,
ווי ס'וואָלט אַ בלאָזזאַק, אַ פײַער צעגליט.

איז געוואָרן גרעסער, אַלץ גרעסער די מאַסע,
וואָס ז'געקומען באַגלייטן איר געפאַלענעם זון.
פענער. טראַנספּאַרענטן, פון סינדיקאַטן,
האָבן געצונדן, געוועקט דעם אַרום.
איז מעכטיק געוואָרן, גרויס דער האַמוין,
דער אומרו פאַרשפּיצט, פויסטן פאַרקלעמטע —
ווי כוואַליעס וואָס יאָגן פון רעציכע צעשוימט,
האָבן מענטשן אין ווייטיק פון צאָרן געברענט.

ס'איז אָפן דער אָרן, אַף יונגמאַנס פּאָנים
טריקנט דאָס בלוט וואָס פון מאָרד ט'געשלענגלט.
— „פאַר אונדז איז דער שטרײַק ניט קיין ניסאָיען,
מיר מוזן דעם זיג אַף אַקסלען איצט ברענגען.
און ער איז געגאַנגען ווו געפאַר האָט געדראָעט,
באַשיצן זײַן קלאַס קעגן געפאַרן;
כאַווײרים: שמידט איבער דעם פײַנלעכן טרויער,
אַף מוט גענוואַגטקייט, אַף באַריקאַדן".

ס'איז אָפן דער אָרן, גיאָלדים שטים האָט ווענט צעשפּאַרט,

אַף פליגל פון שטורעם ט׳זיך געטראָגן זײַן קאָל:
— „אָט ליגט ער פּאַר אונדז דער ייִד, אימיגראַנט,
גוטסקייט און אַכדעס געווען אין זײַן קאָל
וואָס ער האָט געבראַכט, ווי זוימען פאַרזייט;
וואָס ער האָט געשוויסט, געפּײַלט און געטאָקט,
פון שטערן זילבערנע, ט׳ער בריקן געבויט,
מיט שטורעם פון האַרץ — ווינטן פאַריאָגט.

צעפלאַקערטע פּענער, אויגן ווי פונקען,
די מאַסע ט׳געשפּאַנט מיט טרויער - געזאַנג;
„דײַן אָרט וועט ווערן פון אַנדערע פאַרנומען,
מיר וועלן שמידן און שטאָלן דעם גאַנג.
מיר שווערן ניט פאַרגעסן קיינמאָל דײַן נאָמען,
וואָס וועט אונדז באַהעלן אין געראַנגל - מאַרשרוט;
מיר שווערן צו נעמען נעקאָמע, נעקאָמע,
די לאַסטן טראָגן מיט דרייסטקייט און מוט!״

מיט שטוינונג און ציטער, געקוקט האָבן גאַסן:
אַ פאָן אַפן אָרן, מ׳טראָגט אים אַף אַקסלען,
אַרבעטער שפּאַנען אַזוי ווי סאָלדאַטן
מ׳גייט און מ׳שפּרײַזט און ס׳האַלט אין איין וואַקסן
פויסטן געבײַלטע, זיי שרײַען און מאָנען,
ס׳האָגלט מיט צאָרן, מיט רוגזע און רעגונג,
ס׳דאַכט זיך עס גייען בערג זיי אַנטקעגן,
וואָס וועלן פאַרשטעלן דעם סוינע די וועגן.

ס׳יוירט דאָ די מאַנונג, דער כעשבן, פאַרוואָס?
די רעציכע ט׳געעפנט איר קייווערישן פּיסק.
פון די אַקסלען מיט ליבשאַפט מ׳נעמט אים אַראָפּ,
פּיאַראָוואַנטי אין גרויל, מיט פאַרהאַרטעוועטן בליק:
„כאַווײרים — זײַן קאָל איז שטרענג, אַ ביסל פאַרשטיקט, —
געמיינט האָט דער סוינע דורך טויט זײַן באַפעסטיקט,
און ער איז געגאַנגען אַף טײַוולישן בריק,
ווי אַ גיפטיקע שלאַנג, ט׳ער געגעבן אַ ביס״.

„...און מיר וועלן ווײַטער גיין אין געשלעג,
ווי יונגמאַן איז געגאַנגען מיט שטאָלץ, מיט מוט;
ווי יונגמאַן האָט געטראָגן קרוגן דעם פאָלק,
פאַרלאָדן מיט ברויט, מיט אַלדאָס גוטס;
ווי ער, אָן פאַכעד, גאָרניט פאַרהוילן,
פאַראַקשנט מיר וועלן ברעכן די צוימען;
ווי ער אין געפאַרן, מיט הערצער אַנטבלויזטע,
שטאָלעם און זאַטקייט וועלן מיר ברענגען.

די זון האָט אין וואָלקנס פאַרבאָרגן איר פּאָנים,
זי האָט זיך געשעמט פאַרן בלוטיקן פלעק.
מיט שטוינונג געקוקט האָבןביימער אַף פאָנען,
אַף רויטע פאָנען מיט האַמער און סערפּ;
עס האָט דער ציטער פון אַ זוניקן כאָלעם,
וואָס האָט געשושקעט דורך גרינע בלעטער,
געקושט און געהאַלדזט יונגמאַנס פּאָנים:
מיר וועלן מאַרטירער זיך אומקערן שפּעטער.

מיר וועלן מאַרטירער זיך אומקערן מאָרגן,
אין פאַרמעסטן מיר וועלן גראַווירן דײַן נאָמען.
עס האָט זיך געהערט אַ גערויש פון שטראָמען,
ווען פּיאָנערווער האָט אַ גענעראַל־שטרײַק געמאָלדן.
זיי האָבן דערנאָך מיט ציטער געזונגען:
„אַוואַנטי פּאָפּאָלאָ" און „אינטערנאַציאָנאַל",
ס'האָבן הערצער צעגליטע, פלאַמען געצונדן,
זילבערנער הימל — מיט דערוואַכונג געשטראַלט.

# אַף אַ שפּיציקן פעלדז

געגאַנגען איז ראָזען אין געוואַקל, פאַרמאַטערט,
אַף שטייניקע גאַסן, גרויע ווי אַש.
דייַגעס און מידקייט ט׳ער געטראָגן אַף אַקסלען,
ווי אַ טרעגער באַלאָדן, געדריקט פון באַלאַסט;
געגאַנגען איז ער פון אימפּעט געכמאַליעט,
פון שפּיאָנישע אויגן, געראַיעט, געצאַפּט,
נאָר ער האָט דאָס ליכטיקע וואָרט געטוליעט,
וואָס ט׳אויפקלערן קלאָר, אָנצינדן באַלד.

געגאַנגען איז ראָזען, ווי אַ גערטנער וואָס פלאַנצט,
און זעט אין די זוימען: שעפע, באַנייַונג.
אָט איז ער דער קויש, וואָס איז פול אין זייַן האַנט,
אין בענקשאַפט ער טראָגט, ער טראָגט אין פייַנען;
ער טראָגט אים צו קינדער, ער טראָגט אים צו העלדן,
וואָס שמעלצן, וואָס שטאָלן, וואָס שמידן דעם מאָרגן,
וואָס קלעטערן באָרוועס אַף שפּיציקע פעלדזן,
הערן פון שטורעם געשלייַדערט, געוואָרגן.

באַלויכטן פון לאָמפּן, קאָלירטע רעקלאַמעס,
האָט כיצפּע און זנוס געהוליעט אין גאַס;
די נאַכט — אַ טהאָם, עס יאָגן די כוואַליעס
פון העפקער און שקיָע, אַכזאָריעס און צאַר;
אין שווערן געפּלאָנטער פון אָפּגרונט און שוידער,
האָט געטראָגן אַ מענטש אין האַנט אַ לאַמטערן,

אַף אַקסלען אַף שמאָלע, אַ לעגענדאַרער לייטער,
צו ברענגען פאַר ברידער בלויאינקע שטערן.

עס האָבן די אויגן געפינקלט ווי בליצן,
פון די וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַצינד.
ס'האָט שטילקייט געוועקט די טיפע באַגערן,
וואָס זיינען פון לויטער געטאָקט און באַגילדט.
— „וויל איך אייַך זאָגן וואָס איצט מיר קלערן,
וועגן גאַנג פון דעם שטרייַק, אין געראַנגל אין שווערן",
עס האָבן אין האַלדז אים געשטיקט די טרערן,
ער האָט זיך געוווערגט, מ'זאָל אַ כליפּ ניט דערהערן.

ס'האָבן זיך באַגעגנט אין צימער אין גראָען;
פלאַמיקע הערצער, אויגן קלאָרע.
— „מיר דאַרפן דעם שטרייַק פּרעציזער נאָך בויען,
און זיין דאַרף צוזאַמען טאַט און מאַכשאָווע.
ס'איז יונגמאַן ניט געגאַנגען סטאַם צו אַקיידע,
מיר דאַרפן ניט שטיין פאַר זייַן טויט פאַרגאַפט;
צעטרייסלט דעם גליווער, ווו ס'איז פאַרשטיינערט,
דעם סוינע גרייפט אָן, מיט טאַקט און קראַפט.

האָט אַ ווינטל די צווייַגן מיט געברויז געוויגט,
ווי ער וואָלט דאָרטן געבישטערט, געזוכט.
וואָלקנס שוואַרצע, צעריסענע, האָבן בלינד
מיט אויגן צעלעכערטע אַף דער ערד געקוקט;
געלעגן איז די ערד אין טיפן דרימל,
ווי זי וואָלט געשלאָפן אין אָט דער נאַכט,
געוועזן זיינען אין צימער קעמפער זיבן,
וואָס זיינען ווי גוואַרדייער געשטאַנען אַף וואַך.

אין ראָזענס קאָל ט'זיך געפילט דער שווונג,
פון אַ יאָגנדיק ראָד וואָס קייַקלט אַף שטאָל.
„כאַוויירים: ס'האָט איצטער, דאָ, אומעטום,
אויפגעטויכט מיט קראַפט דער דראַנג פון פאָלק;
ניט פאַרמישפּעט איז מער אונדזער העלדנמוט אַף טרייער,

די וועלט פון רויב פאַלט און קראַכט.
„אַ געשעעניש וואָס האָט אַ יאָרטויזנט געדויערט,
ווערט איצט אין אַ יאָר דערגרייכט" — זאָגט מאַרקס.

„די פאַרשמוצטע פרעסע גיסט גאַל און גיפט,
האַלט אונדז אין שטעכן, אַז יונגמאַן איז אַ ייִד.
— „פון ייִדן, היט גאָט, העלף אונדז, באַשיץ — "
שרייַען אַנטיסעמיטן אַף שריט און טריט.
יונגמאַנס נאָמען וועט זייַן דער שטאָלין,
פון אַרבעטס־פאָלק אַף אַרגענטינער ערד,
באַלייַכטן וועט ער, ווי אַ רעפלעקטאָר,
אין קאַמפן אַלע, וואָס גייען אַזוי שווער".

ס'האָט ראָזען געקוקט צו די יונגע פרייַנט,
בראַוו און דרייַסט, מיט פאָטערשע ווונטשן.
— „מיט פרילינג־קראַפט, האָט איר באַנייַט,
די הויכע טראַדיציע פון יאָר דעם פינפטן.
ווי אַ שפּיציקער פעלז, אַצינד איז די וועלט,
יעדער שפּאַן ווערט געצאָלט מיט ווייטיקן שווערע;
נאָר ליכטיקער ווערט, עס טאָגט און עס העלט,
אַף אַלע קאָנטינענטן און ווייַטע ערדן".

די נאַכט האָט געהערט ווי הערצער קלאַפּן,
דער באַגין האָט געזען: טרערן ווי טוי;
ס'האָט זיך געדאַכט אַז עמיין אַף אַ האַרפע,
שפּילט אויס אַ געזאַנג פון ראָז און בלוי.
ס'איז ראָזען געגאַנגען איבער ליידיקן סקווער,
ער האָט זיך געאייַלט צו קומען אַהיים;
ז'אַרייַן, ווי מ'וואָלט זייַן טראָט ניט געהערט,
און טייקעף אַוועק, פאַרדינען אַף ברויט.

# אין שווערן פאַרמעסט

עס האָבן זיך שטרײַקערס אין גערעאַנגל געקלאַמערט,
געוועזן זײַנען טפּיסעס מיט שטרײַקער פאַרפולט,
אַף דער בינע פון קלוב איז יאַנקל געשטאַנען,
און ער האָט געפּלאַטערט מיט זיכערקייט, מוט:
— „זאָל קיינער ניט ווערן אַצינדער צערודערט,
ס'טאָר קיינער ניט זען זיך אין דײַגעס פאַרקלעמט;
זאָל יעדערער זײַן אַ כאַוועד, אַ ברודער,
אין טעג געפּלאָגטע — אויסשטרעקן הענט.

עס האָט זיך געדאַכט אַז באַלד וועלן ווענט,
ווערן צעשפּאַרט פון דער ריזיקער מאַסע,
וואָס געבראַכט האָט טרייסט, הילף, סאָלידאַריטעט,
פאַר די וואָס שמאַכטן הינטער די גראַטעס;
ס'האָט זיך געדאַכט, ווען ס'ליכט-שטראָם אין געלויף,
וואָלט פלוצים, אומדערוואַרט זיך אויסגעלאָשן,
וואָלטן אויגן פלאַמיקע דעם זאַל באַלויכטן,
ווי זוניקע שטראַלן — ליכט געגאָסן.

ס'ווערט שטילער אין זאַל, אַף דער בינע שטייט,
די שילערן עסטער מיט אויגן צעהעלטע,
און זי דעקלאַמירט, אַזוי בראַוו און דרײַסט:
„אָ, מייז ניט די וועלט איז באַשאַפן אַ קרעטשמע!
אָ, מיין ניט די וועלט איז העפקער געוואָרן!"
ס'ווערט האַרט איר קאָל, מיט קראַפט ניט אַ שלאָג,

און ס'לויפן פאַרביי דער כעשבן פון יאָרן,
דער כעשבן, דער אַלטער, וואָס הייבט זיך ערשט אָן.

זי דעקלאַמירט. עס זעען די מענטשן אַ פאָן אין פלאַטער,
מיט געמאָסטענע טריט שפּאַנט זי די מאַסע:
„מיין ניט די וועלט איז אַ בערזע באַשאַפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע!"
זיי דאַכט אַז אַ שטראָם האָט זיך צעיאָגט,
ער וועט באַלד מיט גוורע פאַרפלייצן די וועגן;
און דאַכט זיך אַז פּערעץ פון וואַנט איז אַראָפּ,
דער דיכטער פון פאָלק, וויל באַם פאָלק עפּעס פרעגן.

זי דעקלאַמירט. ס'האָט איר פּאַנים געליכטיקט:
„מיין ניט די וועלט איז אַ העפקער באַשאַפן,
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל!"
באַפעלן ווי האָגל זיינען ערגעץ געפאַלן:
— „מיט ברוטאַלע קראַפט, ווערט ניט דערשיטערט!
רינגלט אַרום דעם קלוב י. ל. פּערעץ,
ניט שאַנעווען זאָלט איר קיין פרויען, קינדער,
צעשלייַדערט, צעברעכט, אָן דערעכערעץ!"

זיי האָבן מיט קאַלבעס און ביקסן צעשמעטערט
די גלעזערנע טירן, בילדער, שופלאָדן;
זיי האָבן מיט שטיוול אין הערצער געקלעטערט,
זיי האָבן באַליידיקט, זיי האָבן געשלאָגן;
זיי האָבן געכויזעקט פון יידישע אויסיעס,
ציניש געלאַכט, געמאַכט לעצאָנעס:
— „אָט די פּירקאַנטיקע, פאַרשטיין ווער קאָן עס?"
און ביכער געריסן אָן ראַכמאָנעס.

אַף לאַסט־אויטאָס האָט מען די מענטשן געטריבן,
די ביכער געוואָרפן אין זעק און אין קוישן.
— „מיינט ניט אַז מאָרגן ט'איר נאָכאַמאָל גרינדן,
אַ קלוב אַ נייַעס, אונטער אַ נאָמען אַ צווייטן!".

מיר וועלן אײַך אַלע אין לאַגער פאַרטרײַבן,
ווי ס׳טוט היטלער — דער גרויסער גאָען;
מ׳וועט אײַך פאַר מאַרקסן מער ניט פאַרשווײַגן,
פאַרן ייִד לענין — צום גרויסן ביזאָיען".

ס׳האָט כאַקאָביטאָ *) קוסעלן ראַפּאָרטירט:
„הער קאָמיסאַר, איז דערלויבט מיך צו רעדן?
— „אָט די, מיט די לאָקן, דאָס האָט זי דעקלאַמירט;
אַ ליד וואָס האָט צו רעוואָלוציע געוועקט;
וויסן זאָל טאַקע דער הער קאָמיסאַר,
אַ שילערן איז זי, פון אַרבעטער־שולן — — — —
ס׳האָט קוסעל פאַראָרדנט: טייקעף אומעיאַד,
באַפאַלן, צעשטערן, פאַרניכטן, צעמאָלן!

מ׳האָט זיך געגעבן אַ וואָרף מיט אימפּעט,
אַף שולן, קלובן, ווי וועלף אין רעציכע.
ס׳זײַנען די שויבן געוואָרן צעשפּליטערט,
געפּליקט און געוואָרפן, געטראָטן די ביכער;
זיי האָבן געבראָכן, זיי האָבן פאַרוויסט,
געזוכט, גענישטערט אין יעדן ווינקל;
צעטראָטן אַלץ וואָס אָטעמט מיט געוויסן,
מיט רוגזע פאַרלאָשן ווו ס׳האָט געפינקלט.

די נאַכט פון טהאָם, האָט זיך געצויגן
אין ווײַטע שטרעקעס, אַף וואָלקן־שפּליטער.
די גאַסן — לײדיק און היימלאָז — הויל,
ווי פוסטע וויגלעך, האָבן זיך געוויגט.
שפּיאָנען אין מאַסקעס — נעבעך טאַמעוואַטע,
פאַרטאַיעט האָבן געגריבלט, געלויערט;
גרייט פון רעציכע, ווי הינט באַפאַלן,
אומוואַרפן אַלץ, וואָס ס׳פאָלק האָט געבויט.

„מיין ניט די וועלט איז אַ העפקער באַשאַפן,
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל".

*) אַ ייִדישער געהיים־אַגענט

אינדערפרי האָט אַ ווינט געשמיצט אין די גאַסן,
די צעריסענע שיימעס פון דער ערד ביזן הימל.
ווי אַ שטראָם אין געיעג, וואָס קען זיך ניט שטילן,
האָט די מאַסע געברוויזט פון אומרו און צאָרן,
און ס'איז יעדע בלאַט פון צעריסענע ביכער,
אַ פונק געוואָרן פון אייביק-ברענענדיקן דאָרן.

„אָ, מיין ניט די וועלט איז אַ בערזע באַשאַפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע".
אַף זיצונגען געהיימע, מען האָט זיך בּאַראָטן,
אַף מאָרגן געפּלייצט האָט אַן אויפרוף אַף שליאַכן:
„אין ווילדן געיעג, האָט דער סוינע צעשטערט,
די שולן, די קלובן, די ביבליאָטעקן;
זאָל פון קיינעמס אויגן ניט פאַלן קיין טרער,
זאָל יעדער ווערן אַ צינדער! אַ וועקער!"

# זלאַטע

אין טיפער פאַרנייגונג פאַר די כאַוויירים
אַדוואָקאַטן, פּירער און זאַמלער פון דער ליגעז
פון מענטשן־רעכט.

פאַרטאָג האָט זלאַטע זיך געזען אין קיך,
באַגין האָט צו איר געקוקט דורך אַ לוק;
אַ שטערן אַ בלאַסער ז׳אַנטלאָפן אַף גיך,
קאַיאָר ווי אַ הונט, ט׳זיך אַרומגעקוקט.
דער טאָג איז געגאַנגען ווי אַ זאָקן אַף שטאָלצן,
אַף צווייַגעלעך דינע האָט ער זיך געהוידעט,
פאַרזונקען אין דייַגעס, טיף אַ פאַרזאָרגטע,
האָט זלאַטע געכעשבנט, געמאָסטן, געוווינן.

פיר קילאָ מעל און אַ ביסל קאַרטאָפל,
שוין אומפאַרזאַמט, וועל איך קליסקעס פאַרקנעטן.
מיט אַ קאַטשל האָט זי זיך, טייקעף באַוואָפנט,
געקנעט, געפלאַפּלט, טייקעף געשטופּלט.
גוט וואָלט געווען גאַר אַ געבראָטנס,
אַ זופּ פאַרקאָכן, אַ געשמאַקע פון גרינס — — — —
עס האָבן איר טרערן אין האַלדז געוואָרגן,
מ׳האָט זיי דאָרט אַלע געפּייַניקט געווים.

און זי האָט גענישטערט פון טעשל ס׳קליינגעלט:
וועט וועלן דער קאַצעוו דאָם פלייש מיר באָרגן?
צי וועט ער ניט קוקן צו מיר ווי אַ גוילעם,
ציניש מיר זאָגן: קום פלאַפּלערן מאָרגן!
נעכטן מ׳האָט אַף דער זיצונג געמאָלדן:
אַבציק זיי זיינען אין דעוואָטאַ־טפּיסע, — — — —

דער הימל, דער גרויער, געווען איז צעשפּאָלטן,
פּינצטערע וואָלקנס, אַף שטיקלעך צעריסן.

פֿול איז געוואָרן מיט פּעקלעך די קיך:
מיט פֿלייש, מיט ברויט, מיט גרינס, מיט פֿיש.
איז סאָרקע געקומען, סוסאַנאַ אַף גיך,
אירע אויגן האָבן ווי פֿייַער געבליצט.
ס'האָבן די פֿרויען, גערעדט, זיך געהיצט,
געשיילט, געוואַלגערט, געהאַקט, געבראָקט, — — — —
אַ זונשפּראָץ האָט זיך לאַנגזאַם געוויגט:
אַראָפּ און אַרויף, אַרויף און אַראָפּ.

צעאַקערטער הימל, ט'געקוקט בלוויאַוויגיק,
דער ווינט האָט געהאָפּקעט אַף ביימער און דעכער,
און זיי אין דער קיך, פֿאַרזאָרגט און פֿאַרדייַגעט,
האָט פּלוצים דערזען: די הילף ווערט העכער.
די פֿאַרע פֿון טעפּ, האָט געזעצט, געשפּאַרט,
ס'האָט דאָרט מיט האַס, געקאָכט און געבליאָפּעט;
דער טאָג ווי אַ קינד האָט זיך ליכטיק געשאַרט,
באַרג-אַרויף און שווער, האָט ער טיף געאָטעמט.

זי פֿאַרמאַכט די אויגן, די אויגן די בלויע,
דער וועג פֿון פּיַין, ט'ניט דערשטיקט דעם פּלאַם.
געזיפֿצט האָט זי, ווי עפּעס באַדויערט,
פּלוצים זי הערט עס פּיקט אַ באַראַבאַן.
זיי שטייען אין פֿאָרמאַציע, האַרבע, שטרענגע,
באַלד וועט זיך בייַטן פֿרימאָרגן - וואַך — — —
און זי מיט טעפּ, באַהאָנגען פֿון פֿאַרלאַנגען,
אויפֿגעבריזט, אין זאָרג, שטייט זי און טראַכט.

זי לויפֿט, זי קלעטערט שווער אַזוי אַף טרעפּ,
די העכסטער זייַנען שיקער אַון האַוקען ווי הינט,
איינער מיט אַ קאָלבע, גיט אַ זעץ איבער די הענט,
נאָר זי, זי רייַסט זיך דורך, ווי אַ מיידעלע פֿלינק.

זי זעט זיי דורך גראַטעס, גרוסן שיקט זי זיי,
יאָ, מאָרגן, עסט געזונט און טרינקט.
מ׳וואַרפט זי פון די טרעפ, אויסוואורף דו, גיי!
מיט געוואַי פון ווייט, יאָגט האַסטיק אַ ווינט.

ס׳יאָגט דער ווינט. ביימער קרעכצן און פאַלן,
ווי שיפלעך פון ברעג-וואַך, שווימען וואָלקנס שטום.
„באַוויירים, די הילף, טאָר אַצינד זיך ניט פאַרזאַמען,
גיין אויפקלערן מ׳דאַרף פון שטוב צו שטוב”.
זי גייט זי קלאַפּט, אין פאַרמאַכטע טירן אָן,
אומעטום זי פלאָפּלט היימיש און דערקלערט;
די קיך ווערט מיט פּעק און פּעקעלעך באַלאָדן,
און ס׳וואַקסט די הילף און ווערט פאַרמערט.

דער הימל ווערט באַדעקט מיט וואָלקנס שווערע,
אַ מאַבל, דאַכט זיך, וועט אַ פלייץ-טאָן באַלד.
נאָר וואָס איז דאָ צו טראַכטן און צו קלערן,
ווען אַ האָגל וואָלט די גאַסן איצט צעהאַקט?
זי גייט מיט פולע טעפּ און אַ זעקל אָפּן פּלייצע,
זי גייט, זי גייט, אָט גייען אוים די קויכעס,
ס׳איז איר באַגער ברענגען זיי די זופּ אַ הייסע,
זיי זעען אַלע אוים פאַרמאַטערטע, בלייכע.

זי גייט, זי גייט, דער רעגן גיסט אָן אויפהער,
אין פּלייצע ברענט, ס׳הייבט אָן אַזוי צו שטעכן.
נאָר אָט ז׳שוין די טפּיסע, די בערגיקע אַרופּן,
אָט זיינען די ווייַסע, די שפּיציקע שטאַכעטן.
זי גייט, זי גייט, מ׳טאָר איצט ניט פאַרזאַמען,
די וואַך האָט זיך געביטן, אַ סימען ס׳איז שוין שפּעט ————
— האַלט! וווּהין? ! אַ רוער אין דיין מאַמען!
אַ גוואַרדיאַן האָט זי געשליידערט פון די טרעפּ.

זי ליגט אין בלאָטע, אַ פאַרבלוטיקטע אין ווייען,
די הענט צונויפגעדריקט און אָטעמט שווער.
דער וועכטער גרילצט: איצטער ווייסטו שוין נעווייע,

מיט קיין טעפּ זאָלסטו ניט קריכן מער אַהער!
דער רעגן גיסט, דער ווינט מיט קאַס ער שלײַדערט,
פון די אויגן, טראָפּנס טרער נאָך טרער — — —
נאָר אָט, אַ רעגנבויגן, דער הימל ווערט געלײַטערט,
ווי אַ בלום אַ צאַרטע, צעבליט זיך דער באַגער.

ערגעץ ווײַט זי זעט, איבער בערג און טאָלן,
דונערן — הימלען שפּאַלטן, בליצן — צינדן שטעט.
פּאַנען — מאַנען, פויסטן — צאָלן,
דער געוויטער שפּאַנט אַריבער יעדן ברעג.
ער שטראָמט. ס'איז ניט קיין יאַס, מענטשן שפּאַנען
אַ טאָג אַ נײַעם שמידן זיי, אין גאַנג אין שווערן;
מיט קויעך, דער געוויסן, האָט זיך אָנגעפּאַנצערט,
זײַן שטים, די מעכטיקע, קען קיינער ניט צעשטערן.

זי גייט. באַראַבאַנען פּויקן אויס אַ מאַרש,
פּידלען, פּלייטן, אין נעגינע פאַר ניצאָכן.
— „סאָלדאַטן! די שווערדן גיך אַנטבלויזט,
אָן ראַכמאָנעס זאָלן ווערן קעפּ צעבראָכן!"
דאַכט זיך טײַכן בלוט, וועלן באַלד זיך גיסן,
ס'וועט אַ האָגל טאָן מיט פײַער און מיט בלײַ — — —
נאָר זעלנער ווילן ניט אין דער מאַסע שיסן,
קוילעם הילכן: „פאָלק, מיר זײַנען דיר געטרײַ!"

זי גייט. ס'איז טויזנט נײַן הונדערט פינף,
ווען לענין האָט פאַרזייט די זוימען פון אָקטאָבער,
דאָס פאָלק אין ווונדן, פון ניצאָכן זינגט
און ברויזט, ווי ס'וואָלטן יאַמען שטראָמען.
זי גייט. זי גייט. צוימען וואַרפט מען אום אין וועג,
דאָס שלעכטס, מ'רײַסט אַרויס זי מיט די וואָרצלען;
אָן אַלטיטשקע פון מידקייט פאַלט אַוועק,
מ'הייבט זי אויף, מ'טראָגט זי אַף די אַקסלען.

זי גייט. אַרגענטינע. טויזנט נײַן הונדערט נײַן,
אַ כוידעש אַז עם שטרײַקן שוין, די אַרבעטער פון שטאָט.

אין ציטער פאַר רעוואָלט, ווי ס'וואָלט דאָס פינפטע יאָר דאָ זיין,
לאָזט אין גאַנג דעם טויט, דער פּאָליציי — שעף — פּאַלקאָן.
די מערדער ברעכן שויבן, מייַמעסן און שלאָגן,
ביכער, צעריסן ווערן און צעשטויבט ;
בייזע מענטשן-וועלף, יאָגן זיך פון ראָג צו ראָגן,
פון „ביבליאָטעקאַ רוסאַ", אַ פייַער שפּאַרט אַרויס.

זי גייט. פון אַלע עקן שטאָט יאָגן זיך און יאָגן,
אַף פּאַלבן פון אַ שטורעם : מאָנסטערס, קריצנדיקע ציין :
מ'זאָגט, פּאַלקאָנען *)האָט ראַדאָוויצקי **) דערמאָרדעט,
— „מאָרדן דאַרף מען ייִדן, ווו מען שטייט און גייט !"
פּאַרשלונגען ווערן קעמפּער אין דיקע טפּיסע-טירן,
אַף אַלע וועגן, טעראָר האָט בייז געהוליעט ;
די סינע קעגן פּאָלק, האָט אירע הענט צעפירט,
ווען ס'לאַנד האָט דערמאָנט איר באַפרייַטן יאָרהונדערט.

זי גייט. דאָס יאָר 1917 איז אַרויס פון אונטער-ערד,
מיט עמערס פולע פון אַרבעט, פרייד און שאָלעם.
און מענטשן פון האַמער, מענטשן פון סערפּ,
האָבן טאָג און נאַכט געפּאַנצערט דעם דוירעסדיקן כאָלעם;
די דוירעסדיקע בענקשאַפט, די פון דוירעס דעם באַגער ;
די דוירעסדיקע שטרעבונג, דעם דוירעסדיקן ראָצן :
כ'האָט די מאַכט פון פּאָלק באַפוילן, די ערד צו אַלעמען געהערט,
פאַר אַלעמען — די זון, האָט דאָס פּאָלק באַשלאָסן.

זי גייט. ס'גייט אַנטקעגן איר ס'יאָר טויזנט נייַן הונדערט נייַנצן,
אין רוסלאַנד, דער באָלשעוויק, האָט קייט פון צאַר צעריסן,
מען הערט דעם קלאַנג אַצינד אין אַלע וועלט-עקן און ווייַטן,
וועלן אַרבעטער אויך דאָ, מאַכט פון האַר דערשטיקן ?
די לופט איז פול געוועזן מיט זינגענדיקע מאַרשן,
וואָס האָבן אויפגעברויזט פון פעלקער דעם געוויסן;
אויב זיך דערוואַרט ? — איז וויפל דאַרף מען ווייַטער וואַרטן ?
און פענער רויטע מ'האָט אין גאַסן אויפגעוויקלט.

*) פּאָליציי-שעף אין יענער צייַט
**) אַ ייִדישער אַרבעטער פון אָדעס

זי גייט. מ׳פירט הארוגים פון וואסענאס מעטאל-פאבריק,
דאס פאלק אין גאסן איז ארויס, פאר ברידער נעקאמע-נעמען.
ווו איז דער באלשעוויק וואס פירן זאל אצינד צום זיג?
סאציאליסטן ווילן פונעם שלאכט-פעלד זיך פארנעמען.
געשטאנען איז דאס פאלק, מיט אויגן שטייף-פארבונדענע,
קעגן גווארדיאנעס באוואפנטע, מיט ביקסן און הארמאטן;
דער שיינער כאלעם איז געלעגן א פארוווּדעטער,
א צעטראטענער פון פיין, אין קאלוזשעס בלוט אף גאסן.

זי גייט. ס׳איז דאס יאר נייניצן זעקס און דרייסיק,
דער פאלקס-פראנט ברויזט, שפאניע גרייט די באריקאדן.
מיט יעדן טאג ווערט די שלאכט פלאמיקער און הייסער,
ס׳איז א שטאל-שטראם וואס קיינער קען אים ניט פארהאלטן.
א פארבלוטיקטע זי זינגט, זי שטראמט די מאסע,
און ס׳גייען מיט אין שטורעם בערג און טאלן;
מ׳הייבט זי אויף: גוט יאנטעוו דיר, מאמע זלאטע!
גוט-יאנטעוו, זין! לאמיר גיין, מאנען איצט און צאלן.

# די אַסיפע פון די באַלעבאַטים

ס'האָט שמועל געקוקט דורכן פענצטער,
ווי דער ווינט האָט די צווייַגן געדרייט;
דער הימל ווערט אַ ביסעלע לויטער,
צו דער אַסיפע מ'דאַרף באַלד גיין.
נאָר מאָדנע: ס'איז דער הימל צעשפּאָלטן,
אַף צווייען צעשפּאָלטן, איך שווער:
פון איין זייַט ליגט אין גליוֹוער אַ וואָלקן,
אין מיזרעך ווערט העלער אַלץ מער.

די היינטיקע אַסיפע דאַרף באַשליסן,
בעפיירעש, ס'האָט וואָרטמאַן געזאָגט,
דורך אַ מעלדונג מ'עט זיי געבן צוויסן,
איר אַרבעט, צי איר טראָגט זיך אָפּ?!
מ'זאָגט, אין פּאָרט, אַ שיף איז שוין גרייט,
מ'וועט זיי אַרויספּעקלען אַלע
און היידאַ, ווי מען שטייט און גייט — — —
ס'וועט זייַן אַ רועך אין זייער מאַמען.

אַצינד אַז מ'עט זיי אַלע פאַרשיקן,
זייערע קלובן, שולן — שוין פאַרמאַכט,
וועט אַף אַלע אַרגענטינער יידן,
ניט פאַלן מער קיין פאַרדאַכט,
אַז אַלע יידן זיינען לינקע,
קאָמוניסטן, פון סינדיקאַטן — פירער;

מ׳וואָלט געדאַרפט באַווייַזן דורך אַ פינקעס,
אַז מיט רעכטע מיר זיינען ווי ברידער.

מ׳מוז עס וואָס גיכער באַווייַזן,
אַז מיט זיי, מיר האָבן קיין מאַגע וועמאַסע;
מיר דאַרפן, מיר מוזן אויסמייַדן,
די געפאַרן וואָס האַלטן אין וואַקסן.
פאַרוואָס ניט מיט אַלע פאַבריקאַנטן:
דייַטשן, אַמעריקאַנער, פון לאַנד,
זייַן, ווי מען איז אין דייַטשלאַנד:
קעגן קאָמוניזם און ראַטנפאַרבאַנד.

ס׳איז געווען אַן אַסיפע מיט אַ לעכאַים
לעקאָוועד ערעוו יאָמקיפּער.
אין זייַן „בויק״ איז שמועל געלאָפן ווי אַ מעכאַבל,
זייַן פּאָנים האָט געזשאַרעט פון רעציכע.
אין אויגן זייַנע האָט געסאַרפעט שרויט,
וואָס האָבן דורך זייַן מויל, געשפּריצט מיט פונקען;
לעכאַים! איך וועל בעטן אַף זיי אַ טויט,
די שיף וואָס וועט זיי פירן, זאָל זינקען!

לעכאַים יידן! זאָל גאָט טאַקע געבן,
אַ גוטן יאָר פאַר קלאַל ייסראָעל.
נאָר אַזעלכע ווי די שטרייַקער, טאָר מען ניט פאַרגעבן
פון פראָטעסטן זייערע, ווערט קיינער מער ניספּאָעל.
— „לעכאַיע־כאַיע, אַ טאָדאָס ען כענעראַל, *
אַסי סע דיסע, סעניאָר כאַימע?״
— „דאָס איז אַ שעף פון „סעקסיאָן עספּעסיאַל״,
האָט אים פאַרגעשטעלט כאַים וויינער.

„דער הער לאָמביזשא איז אונדזערער אַ פּרייַנט,
און ביכלאַל איז ער אַן אויהעוו בניי ייסראָעל;
אויב ער זידלט: „כודיאָס דע מיערדאַ״ און ער קײַלט, **

*) לעכאַים פאַר אַלעמען, אַזוי זאָגט מען, הער כאַים?
**) דרעקישע יידן.

מיינט ער די רויטע, וואָס זייַנען ערגער נאָך פון גויים.
ביכלאַל איז ער אַ מענטש וואָס האָט פייַנט,
אין לאַנד זאָל אומרו זייַן און קאָנפליקטן.
נאָר אויב עס וועלן בונטעווען געוויסע לייַט,
וועט ער שוין וויסן ווי דעם שטרייַק דערשטיקן".

„לעכאַים, סעניאָר לאָמביזשא, לעכאַים!"
ס'האָבן גלעזער צוויי זיך צעקושט פאַר סימכע.
„ס'קומט דעם שעף צו איינלאַדן אויבן-אָן אים,
אים באַצאָלן פאַר דער גרויסער טירכע;
ס'קומט דעם שעף צו שטעלן אים אַ מאָנומענט,
פאַר פאַרמאַכן שולן זייערע און קלובן,
וואָס זיינען נעסטן, נאָר פאַרשטעלט,
דעם רעזשים אונטערגראָבן".

— „לעכאַים פאַרן קלאַל יִסראָעל, לעכאַים!"
אַף די טישן איז געלעגן פון קאָל טוּוו;
ס'האָט געגאָסן זיך קאָניאַק און שאַמפּאַניער
און אַלע האָבן אויסגעדריקט איין ווּנטש:
דער שטרייַק זאָל ווערן גיך פאַרענדיקט,
ס'זאָל כאָלילע, ניט זייַן פאַר אונדז אַ געפאַר;
ס'האָט שמועל אָקס צו לאָמביזשאַן זיך געווענדעט:
— „סעניאָר שעף! לעכאַים! און... אַף דער וואך!"

הענדלער האָט זיך אויפגעשטעלט, געשמייכלט:
„וואיעהו טויוו האַלייווי האַמעלעך באַיאָין; ***)
מירן הערן איצט אַ וואָרט פון טיפן סייכל,
פון פאַרוואַלטער: הער גריגאָרין;
איר ווייסט, אַז ער אַ טאַלמיד-כאָכעם איז,
אין פּאָליטיק איז ער אויסגעבונדן;
ניט איינמאָל האָט ער אונדז מיט קלאָרקייט אָנגעפילט,
ניט איינמאָל אונדז — מיט דרייסטקייט אָנגעצונדן.

---

***) ווען דעם קייסער איז געוואָרן גוט אפן הארצן פונעם ווײַן.

ס׳האָט דער אוילעם געפּאַטשט. געהוליעט פאַר פרייד,
גריגאָרין איז געשטאַנען בלייך און צופרידן.
הענדלער האָט געגעבן לאַמביזשאַן צו פאַרשטיין,
שטיל אַפן אויער, אַז קיינער זאָל דערהערן:
„גריגאָרין איז געווען אַמאָל אַ קאָמוניסט,
בעלעבאָס ווענעפעש מיט אונדז איז ער אַצינד״.
אין לאַמביזשאַס אויגן האָט אַ פלאַם געטאָן אַ גרינער בליין:
„דאָס איז גוט, ס׳איז זייער וויכטיק״.

באַזאַכט האָט גריגאָרין אָנגעהויבן באַלד,
און ווי אַ לערער געגעבן צו פאַרשטיין:
„דער שטרייק וואָס קומט פאָר בא אונדז אין לאַנד,
איז ניט אָפּגעזונדערט, נאָר אָן איינס;
אָן אָפּקלאַנג איז ער פון דעם פאָלקס-פראָנט,
וואָס יאָגט אין אייראָפּע אום ווי אַ בייזער ווינט:״
מיט קריצעניש האָט ער שטרענג באַטאָנט,
וועגן בירגער-קריג אין שפּאַניע, וואָס ברענט אַצינד.

„דאָס אַלץ, געשעצטע הערן, איז ניט קיין קלייניקייט, איך מיין,
אַ ווידערשטאַנד, אַ שאַרפן מוז מען שטעלן.
מיט פּוריע קען באָלשעוויזם געבן איצט אַ פּלייץ,
ס׳טאָר אָטעם אַצינדער טאַקע פעלן.
נאָר כאָטש באַדראָט איז וועלט פון אַ רויטע כוואַליע,
פרייט אונדז גאָר דער פאַקט, פון אַנטי-קאָמינטערן,
וואָס איז עס כאַסמענען: דייטשלאַנד, יאַפּאַן און איטאַליע — — —
דעם רויטן שטראָם, זיי וועלן ווי אַ דאָמבע שטערן״.

„נו. אַוואַדע. היטלער-דייטשלאַנד פאַרפאָלגט די יידן,
דאָס טוט אונדז אַלעמען זייער וויי״.
צעטומלט ווי אַ מייזל, ט׳ער זיך אָנגעכאַפּט אין ליגן:
„יידן זיינען שולדיק אין אַלדאָס בייז!
דאַרפן יידן אין בירגער-קריג פון שפּאַניע
גיין מיט קאָמוניסטן האַנט בא האַנט?
בילדן — ווי מ׳רופט זיי דאָרט — די באַטווין-קאָמפּאַניע?
זאָלן שפּאַניער אַליין זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט!״

„צי קענען מיר יידן אַלץ פאַרגעסן,
וואָס שפּאַניע פון אַמאָל האָט אונדז געטאָן?
וואָלט ניט געווען גלײַכער, זיכער בעסער,
מיט פרייד איצט זאָגן: גאָט האָט אײַך באַצאָלט!
אונדזער וועג — ז׳גיין, אַליין, ניט שטורעמען, ניט ראַשן,
דעריקער קענן מאַלכעס ניט אויפהויבן קיין האַנט — — — —
איך ווינטש אַלעמען אַ יאָר אַ זאַטן,
אינגיכן מ׳זאָל האָבן אַן אייגן לאַנד".

מ׳האָט באַדאַנקט דעם רעדנער מיט וויוואַטן,
ווי עס פּאַסט פאַר באַלעבאַטים, מיט דער ברייטער האַנט.
גריגאָרין האָט באַטראַכט, אַלעמען געלאַסן.
זײַן פוסטע גײַווע, האָט גאַדלעסדיק געשפּאַנט.
און ס׳האָבן זיך באַגעגנט, מיט ליבשאַפט אַף אַ רעגע,
לאָמביזשאַס האַרטער און שפּיזנדיקער בליק,
מיט די צעגלאָצטע אויגן פון דעם רעדנער,
וואָס האָט פון פלוידערײַ, אויסגעבויט אַ בריק.

דערנאָך האָט זיך געצויגן די באַראַטונג,
צי זאָל מען נאָכגעבן אַף עפּעס כאָטש דעם שטרײַק?
מ׳דאַרף זיי דריקן דורך אַרעסטן ביז דערשעפּונג,
איז געווען אַלעמענס פאַרלאַנג.
מ׳דאַרף ווי נאַכט־הינט זיי צעטרײַבן,
ווי מ׳האָט געטאָן מיט זיי, ניט איינמאָל דאָ אין לאַנד,
פון סינדיקאַטן זייערע, קיין זייכער זאָל ניט בלײַבן,
און קיין סימען פון אַ פירנדיקע האַנט.

הענדלער האָט צעעפנט ברייט די „צײַטונג",
— „זעט יִדן. צי לאָפּאַטין ז׳ניט גערעכט?
יִדן פירן אָן — זאָגט ער — מיט אַלע שטרײַקן,
און דאָס — די אויגן פון אַנטיסעמיטן שטעכט.
פאַרוואָס זשע זאָלן יִדן זײַן די ערשטע,
אומעטום שפּרינגען פון דער הויט?
איז היטלער ניט גערעכט, קלערט איר,
וואָס ער גיסט זײַן קאַס אַף יִדן אַזוי אויס?

די טישן די זאַטע, זיי האָבן געוווּנקען:
ווײַן און שאַמפּאַן, טרינקט און עסט;
בײַכיקע הערן, האָט איר וויסקי געטרונקען?
עסט הערינג, עסט פלייש און קנישעס צו זעט.
נאָר בײַכיקע הערן האָבן מער ניט געקענט,
מיט נודאַטע זיי האָבן געקוקט אַף די טישן,
עס האָט זיי דער בראַנפן אין אָדערן געברענט,
ס'האָט זיי געדריקט די פליישן און פישן.

נו אַן עק, אַ גוט-יאָר. זאָל כאַפּן די כאָלערע,
וואָס טויג די פּאָליטיקע, די פאַבריק איז פאַרמאַכט,
מ'דאַרף דער פּאָליציי, געבן וואָס מערער,
און זאָלן זיי קיילן באַטאָג און באַנאַכט.
ס'האָט דער אויטאָ געגליטשט זיך שטיל אַפן טראַקט,
— פאַרקערעווע שמועל אַף דער גאַס סאַנטאַ פע,
פאַראַן דאָרט אַ נאַכט-קלוב, מיט נעקייוועס — אַ פּראַכט,
ווייל לעבן דאַרף מען קאָלזמאַן מען לעבט!

דער אויטאָ אין געיעג, אַנטבלויזט דער אַספאַלט,
דאָס פאַרטונקלטע ליכט רייצט און וועקט.
ס'האָבן די הערן פון געדולע געשטראַלט,
ווען מיט פרויען מ'האָט זיך באַ אַ טישל געזעצט;
ווען מ'האָט שאַמפּאַניער זיי איידל דערלאַנגט,
ווען מ'האָט געטרונקען, געוווּנקען, געלאַכט;
ווען מען האָט זיך באַדונגען פרײַנטלעך דעם פרײַז —
אין אַ לוקסוס-האָטעל די זוינעס געבראַכט.

דער אויטאָ אין געיעג, אין גליווער דער אַספאַלט.
דער פאַרטאָג ווי אַ שיכער ז'געלעגן פאַרזונקען;
אין דימיען האָבן נאַקעטע פרויען געטאַנצט.
— אַי די פיס, אַי די בריסט. אַי דאָס ווינקען;
אַי אַ קאָל-נידרע האָבן מיר הײַנט געהאַט...!
— אַזאַ אָ קאָל-נידרע כאַזער איבער שטענדיק!
— מ'דאַרף נאָר פאַרדינען, עס זאָל סטײַען אַף אַלץ,
די נימעסע שטרײַקער — מאַכן אונטערטעניק.

# די באַראַטונג אין טפּיסע

דורך פאַרגראַטעטע פענצטער, דיקע ווענט.
אין געאייל איז אַרײַן די נאַכט אין טפּיסע.
האָבן וואָלקנס די זון אײַנגעקלעמט ?
האָט פינצטערניש דעם טאָג צעשניטן ?
ס'איז נאַכט אַרײַן ווי אַ געדיכטער רויך,
און ווי אַ נעפּל האָט זי אַלץ פאַרשטעלט;
די רישעס — ווי דראָטן שטעכיקע אין קנויל,
האָט געוויקלט אין אַנגסט אַ שטעכיק באַפעל.

אין הויף האָט מען געשפּילט די אָוונט-טפילע.
אַזוי פאַרוויגט אַ מאַמע, אירם אַ טויט קינד;
ס'טאַנצן אויס אַזוי אַף שאָטנדיקע פליגל,
פאַרלאָשענע באַגערן, וואָס קלאַמערן זיך בלינד;
ס'גויסעסן אַזוי, אין דער שטיל די טרוימען,
וואָס הינטער ווענט, צעשטויבטע ליגן זיי ווי גלאָז:
באַ יעדן פענצטערל, מיטן מאַוזער שטייט אַ שוימער,
ער טראָגט אַ שטרענג באַפעל, וואָס אַ הענקער האָט אים אָנגעטאָן.

עס דאַכט זיך אויס, אַרום די ווענט יאָגט אַ שטורעם,
ווינטן צאַפּנדיקע, אים דעריאָגן קענען מערער ניט.
אָט באַלד וועט ער, אײַנברעכן דעם וועכטער-טורעם,
אַז די גאַנצע טפּיסע וועט זיך געבן אַ צעוויג ;
טיר און טויער וועלן ווערן ברייט צעעפנט,

זון און פּאָנעץ וועלן עפּענען דעם וועג;
אַף יעדן ראָג, אַ צעשטראַלטע, וועט זיך טרעפן,
די געגאַרטע פרייַהייַט, מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

נאָר די טפּיסע שטייט אין גליווער. ס'ווערן גרעבער אירע ווענט,
שטילקייַט ווערט צעריסן פון ווילדן סווישטש.
— קען זייַן כאַווירים נייַע, וואָס האָבן לויטערקייט געוועקט,
מ'האָט פאַרפּייַניקטע געבראַכט אַהער אַצינד.
ס'איז שפּעט און דעריבער איך דערקלער,
די זיצונג, די וויכטיקע, פאַר געעפנט:
מ'האָט פון זייַנע רייד, געשליפן שטאָל געהערט,
און פון אַ שטראָם-גערויש וואָס יאָגט פון פעלזן.

ס'האָט יאַנקל ליסט אַ ווייַלינקע געטראַכט,
אַף זייַן פּאָנים האָט אַ ליכטיקייט גערוט:
דעם שטרייַק מיר האָבן צו אַ פולן זיג געבראַכט,
כאָטש מיט אַרעסטירטע די טפּיסעס זייַנען פול.
די שלאַכט וואָס האָט אַזויפיל אונדז געקאָסט,
האָט אַ ליכט, אַ נייַע אָנגעצונדן:
מיט קויכעס נייַע, מיר האָבן איינִיקייט געשטאָלט,
זי וועט אויסהיילן פון אַלע טיפע וואונדן.

געטונקלט האָט אין טפּיסע אַ פאַרהוילונג,
כוישעך ט'זיך געגליטשט פון גרויע ווענט;
מ'האָט געקוקט מיט פאַרוואונדער און מיט שטוינונג,
אַף יאַנקלס פּאָנים וואָס פון אויפרעג האָט געברענט,
געווען איז ער אין רעגעס ראַכוועסדיק-צעשטראַלט,
געברויזט, געפלייצט, מיט ליבשאַפט און מיט פרייד;
און אָפט איז ער געווען פון פּייַן און לייַד פאַרשאַרפט.
ווי אַ פרייַנט אַ גוטן, ער וואָלט אַף אייביק אים באַגלייט.

כאַווײרים, עס איז גוט, מיר האָבן דאָך דערגרייכט,
אַ לוין אַ העכערן, פאַר די וואָס האָבן איצט געשטרייַקט.
און כאָטש געוואָרן איז דער זיג אַ ביסעלע פאַרבלייכט,

ניט אומעטום איז ער פעסט אַצינד און שטײַף,
ווײַל טפּיסעם זײַנען פול, מיט קעמפּער פונעם פאָלק,
נאָר עמעס איז, די ערד מיר האָבן טיף צעאַקערט,
נײטיק איז אַצינד, אַז יעדער אַף זײַן אָרט,
זאָל דעם זיג היטן, ווי דאָס אייגענע שוואַרצאַפּל.

געדאַכט האָט זיך, אַז אַן אָזערע איצט שטראָמט,
דער צופלוס פונעם וואַסער, ווערט העכער אַלץ און העכער.
— סאָלדאַטן זײַנען מיר פון אַ גרויסן פראָנט,
די נויט מיר דאַרפן צעשטיקלען און צעברעכן;
דער קאַמף וואָס איז פאַרענדיקט, ער הייבט זיך איצטער אָן,
קעגן הונגער, פּײַן און פּאָליטישע רוכעס;
העכער מירן טראָגן די פאַרבלוטיקטע פאָן,
ווי טויכערס מירן קומען אַפן דנאָ פון בוכטעס.

— „יידישע אַרבעטער" — דער סוינע דערווידערט —
„אָ, ווען ניט זיי, וואָלט קיין שטרײַק ניט געווען"!
מיר זײַנען אַ טייל פון פאָלק אַרגענטינער.
מי און באַוווּסטזײַן דאָ מיר האָבן פאַרוועבט;
זיי ווילן דעם ליכטיקן פּלאַס איצט לענקען,
אַף רעלסן פון שעקער און ראַסן-האַס;
עס גייען געאַרעמט רענעגאַט און הענקער,
די יידישע פּניי לייגט צו איר האַנט.

די נאַכט איז געקומען מיט מידקייט געלאָדן,
מיט דײַגעס, מיט זאָרג, מיט געדריקטן געמיט,
ס'האָט קיינער געקענט די עמאָציע פאַרבאָרגן,
ס'האָט אַ טאַטע געהערט די בענקשאַפט פון קינד.
זיי האָבן די צאַרטע געפילן פאַרשטאַנען,
מיט יישעוו האַדאַאַס — די שווערע צײַט;
פאַר זיי איז דער מאָרגן אַ באַנײַטער געשטאַנען,
דער געגאַרטער ניצאָכן האָט וויברירט און געווייט.

געווען איז די שטילקייט באַלאָדן מיט פּײַן,
מיט שליסלען פון וועכטער, מיט שפּיזיקע אויגן.

— „עס טאָר ניט אין אונדז קיין ספּייקעס אַרײַן,
וואָס זאָל ווי אַ רויך דעם לויטער פֿאַרהוילן.
ווי נעכטן, ווי מאָרגן, מיט טרוימען באַגרינטע,
טרייסלען מיר וועלן פֿאַרגליווערטע אײַזבערג;
עס שמידן און טאָקן דעם פֿרילינג געגאַרטן,
פֿאַוואַ־דעטע טרוימער אַף ערד, אַף גאַנצער".

עס האָבן זיך טריט פֿון וועכטער געהערט,
די ראַצכישע טריט, מיט שטעכיקער סינע.
זייער גאַנג האָט טונקעלע שאָטנס געוועקט,
נאָר געקוקט האָבן אַלע צום כאַווער ווינער.
און ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן אין ציטער,
ווי עס שווײַגט — ווען די נעץ ציט אַרויס — אַ פֿישער,
עס האָט זיך זײַן ליבשאַפֿט פֿאַראַנקערט אַלץ טיפֿער,
אין הערצער פֿון קעמפֿער, כאַווײרים און ברידער.

דורך שמאָלינקע פֿענצטער, פֿאַרקלעמטע אין גראַטעס,
האָבן שטערן ווײַטע זיך אײַנגעהערט שטיל:
ס'איז געקומען די שאָ, ווען אין אונדז איז געווענדט,
אַז זיג פֿון די פֿעלקער זאָל ווערן צעבליט;
ס'האָבן ווינטעלעך הארטע די ווערטער צעטראָגן,
אין געסלעך ווו ס'וווינט דאָס אַרבעטער־פֿאָלק,
אין הערצער פֿון פֿאָלק גייט אויף די לאָזונג:
די באַפֿרײַונג פֿון שפּאַניע איז אונדזער געבאָט".

„כאָטש אין טפּיסע פֿאַרקלעמט, מיר קומען פֿון שטרײַק,
מיט זיג אַף די אַקסלען, מיט נײַע באַגערן.
ס'ווערט העל דער שוועל, ס'איז נאָענט די צײַט,
דעם ניצאָכן מיר וועלן אין אַ פֿעסטונג פֿאַרווענדן.
נאָר דערווײַל כאַווײרים, מיר ווילן אײַך זאָגן:"
— אַ טרער אַ הייסע האָט אין האַלדז אים געשטיקט —
דאָרט אין געראַנגל, ווו ס'שפּראָצן פֿאַרטאָגן,
מיר וועלן קענען וואָלקנס פֿאַרגיכן דעם זיג.

ס'זידלען די הענקער: פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד!
„נו, קלוימערשט מיר וועלן דאָס לאַנד פֿאַרלאָזן.

מיר טרעטן ניט אָפּ ווי פּאַכדאָנים אין שאַנד,
רינגען מיר ווערן פון באָטווין־באַטאַליאָן,
וועלכער שפּאַנט אין גערא:גל דורך פייַער און בראַנד,
צוזאַמען מיט זין פון פעלקער און לענדער,
און האָגלט מיט פייַער, און דונערט און זאַלפּט,
קעגן נאַצישן סוינע, פאַשיסטישע מערדער".

אין טפּיסישע ווע:ט, אין גרויען פאַרגליווער,
אין צוימען וואָס האָבן אַן אָפּגרונט פאַרקלעמט,
האָט די שטילקייט געטוליעט אַ ברודער צו ברודער,
באַגעגנטע בליקן — מיט ליבשאַפט געגלעט;
האָבן הענט זיך געשטרעקט, האָבן אויגן געפלאַמט,
האָבן הערצער צעשטראַלטע געוועקט דעם קאַיאָר,
עס האָבן די שטרייַקער דערפילט די קראַפט,
וואָס וועט פאַרטיליקן רויב און טעראָר.

עס האָבן די אײַזערנע גראַטעס געגאַפּט,
זיך ענגער פאַרקלעמט, זיך טיפער פאַרמויערט;
עס האָבן די וועכטער געקוקט מיט פאַרדאַכט,
געגעבן צווויסן דער וואַך באַם טויער:
„זיי בעלעבעטשען אַ גאַנציקע נאַכט,
דער טייַוול ווייס וואָס זיי טראַכטן און מיינען!"
מען האָט טייקעף פאַראָרדנט: „פאַרשטאַרקן די וואַך,
מאָרגן אין וויזיט־שאָ, ניט דורכלאָזן קיינעם".

אַ צאַפּל, אַ הייסער ט'פון הערצער געפּראַלט,
ווי אַ רוישיקער שטראָם אין געלויף און אין שפּרודל.
ער האָט וואָלקנס צעשניטן אין געיעג און געלאָף,
אַריבערגעקלעטערט שפּיצבערג און טורעמס — — —
. . . און ער איז אַף שפּאַנישער ערד געקומען,
געקושט און געהאַלדזט זיך מיט קעמפער פון פאָלק,
גרוסן געבראַכט פון ניט געבויגענע רוקנס,
וואָס האָבן אין לייַדן דעם גלויבן געשטאַלט.

„און דאָס איז פאַר אונדז שטרײַקער אַ שטאָלץ".
— ס'האָט יאַנקלס פּאַפּים זיך פריידיק צעהעלט —
„די יערושע פון צאָרן פון יעטווערן דאָר,
גייט ניט פאַרלאָרן אַף צעאַקערטע ערד;
אַף זיבעץ פאַרזייטע, האָט בלוטיקער טויט,
זײַן זאַפט געזאָליעט, געקרעפּטיקט, גענערט,
ס'פאַרשווינדט די האַכנאָע, פון שוואַכן — דער קרעכץ,
וואָס דעם גאַנג פון קעמפער, האָט ווי זומפּן געשטערט".

זײַן קאָל, ווי אַ פּויק, האָט מיט האַרטקייט געוועקט,
מיט רעגנג און ציטער ווי אַ פידל באַצויבערט.
און ער האָט געזען, ווי בראָנזענע הענט
פון אַרבעטער־פאָלק, פון אַ גאַנצן יאָרטויזנט,
זיך שטרעקן אַהער דורך טפיסע־קראַטן:
„מיר וועלן אײַך קעמפער מיט ליבע באַוואַכן,
מיט שטאָלץ ווי איר — מיר זײַנען סאָלדאַטן!
מיר שליפן דעם שטאָל און פליאַסטערן שלאַכן„.

אין פאַרהוילונג די נאַכט, שטערן אין צויבער,
ס'האָט לעוואָנע געהיט די צעשיידונג, די לעצטע.
דורך פענצטער אין גראַטעס, איז אַ ווינטל קעסיידער,
אַריין און אַרוים מיט אַ קליינינקן פרעסטל.
אַרום וועגט זיך געדרייט, אַף דר'ערד זיך געקאַטשעט,
פון הינטער אַ בעטל אַרויף צום סופיט,
ווי אַ קאַין אַנטלאָפן, וואָס ערגעץ גענאַשט האָט,
ווען ס'האָט פלוצים דערהערט פון אַ מענטשן די טריט.

קאַיאַר האָט ערגעץ זיך געקליבן אין וועג,
ווי ער פון אַ טאָל, וואָלט געקלעטערט אַף באַרג.
כ'האָבן וואָלקנס דערפילט און זײַן גאַנג דערהערט,
זיך טייקעף באַהעפט אין אַ וואָלקן־וואַנט;
דער ביישעך ט'מעכטיק פאַרשטאַרקט זײַן מעמשאָלע,
ווי ער וואָלט אַף אייביק דאָ זיך פאַרקליבן,
נאָר שטילער באַגין האָט גערוקט זיך פּאַוואָליע,
זיכער אַז ער, וועט די כאַשכעס באַזיגן.

ס'האָט נאָך ניט געבלוטיט, נאָר פון העלקייט געזיפּט,
זײַנען וואָלקנס געוואָרן בלאַסער און מיד,
— „פּרײַנט: פראַגן אַ סאַך מיר האָבן באַרירט,
דאַכט זיך אַז ערגעץ פרימאָרגן שוין גליט,
ווייל איך די באַראַטונג שליסן מיט אַ וואָרט,
צו כאַווײרים: ווינער, הערשל און מייער ליסט,
דעפּאָרטירטע פירט מען פון טפיסע צום פאָרט,
דאָס רופן קען אָנלויפן, גיך ווי אַ בליץ".

ס'האָבן אין האַלדז אים טרערן געשטיקט,
זײַן קאָל אַ געבראָכנס, איז אַרײַן אין געפּליסטער.
„כאַווײרים סאָלדאַטן פון דער שפּאַנישער רעפּובליק
קעמפער און בויער אין אַרגענטינע ביז איצטער,
איר פאָרט אַף די שפּאַנישע פעלדער אַצינד,
ווו נאַצישע וועלף בושעווען קעסיידער;
זאָל זײַן אײַער ציל, מיט בראָכעס באַגרינט,
אײַער יעטוועדער שפּאַן, פאַרן סוינע — אַן איימע."

„איר פאַרלאָזט אונדזער ערד, ווי וואַסער אַ ברעג,
וואָס מאַרגן ער קערט זיך נאָך ברוזיקער אום;
מיט ליכט פון די הערצער, צינדן איר וועט,
און ברענגען צום הימל די ליכטיקע זון
וואָס די היטלער־נאַכט וויל מיט גרויל פאַרשטעלן,
דורך הונגער און טויט, יעסורים און מאָרד.
פאָרט! זאָל ווערן דער סוינע דורך אײַך אומגעבראַכט
און שפּאַניע זאָל ווערן זײַן קייווער דאָרט."

„דער ווידערקאָל פון זין וואָס פאַר פרײַהייט קעמפן,
קעגן האָרדעס פון פראַנקאָן, מיר הערן אים קלאָר.
פאָרט! באַווײַזט איר זאָלט קיין מאַרטירער ווערן,
די אויפגאַבע דערפילט פון גרויסן דאָר,
וואָס וויינט ניט מער אַפן גוירל דעם שווערן,
בעט ניט קיין ראַכמים בײַ אונטערדריקער מער;
נאָר גרייט איז ער צאָלן פאַר בלוט און טרערן,
מיט קוילן־פײַער פון טאַנקען און מאַשין־געווער."

„פאָרט! רינגען ווערט פון באַטווין־באַטאַליאָן,
וואָס קאָוועט אין נעכט דעם זיג פון מאָרגן.
ס'האָט באַטווין דער שוסטער, ווי מאַקאַבי אַמאָל,
דעם זיג דעם שווערן, פון טיפּעניש געגראָבן.
צעטרעט דעם פּאַבעד אין דעם בלוטיקן גאַנג,
זייט שרעק און ציטער אין סוינעם רייען;
די שלאַכט, געדויערן זי וועט נאָך לאַנג,
זי וועט זיגן ברענגען דורך פּײַן און ווייען."

„פאָרט! שיפּט אײַן זיך אין כוואַליעס צעברויזטע,
וואָס שטראָמען האַסטיק אין הערצער פון מאַסן;
די וועלט, די אַלטע אין צושטאַנד פון אַ גויסעס,
ס'איז ווינציק בלויז אין ווערטער זי האַסן;
פאָרט, און ווערט אַרבעטער־סאָלדאַטן,
פאַרדינט די זכיה — דעם פאַשיזם שלאָגן,
וואָס וויל די וועלט פאַרסאַמען מיט גיפט פון ראַסן,
אַ מיטלאַלטער ברענגען אַף טויזנטער יאָרן."

„פאָרט אַף יענער ערד, ווי אין פערצן אַכציק,
מ'האָט אונדזער פלאָק אַף שייטערס געברענט.
זאָל נעקאָמע פון אַ מאָל, ווערן איצט צעפלאַטערט,
ווײַל צום טיראַן טאָרקוועמאַדאַ פראַנקאָ שטרעקט די הענט.
פאָרט צו ברידער — שפּאַניער, פאָרט צו פעלקער־ברידער,
וואָס הערן אַף לעשוינעס אַלע, די קאָמאַנדע אין טראַנשייען,
וואָס זינגען אַף לעשוינעס אַלע, די זעלבע הייסע לידער,
און קעמפן אַף לעשוינעס אַלע, פאַר אײַער־אונדזער פרײַהייט."

„פאָרט! שליכים געטרײַע, אין נאָמען פון אַרבעטער־קלאַס,
פון דעם שטרײַק־קאָמיטעט, פון דער גוואַרדיע־שוץ:
פאָרט ווי יידן אַרגענטינער בירגער פון לאַנד,
וואָס געענטפערט האָבן, מיט ציטער אַף דעם רוף;
פאָרט! ווײַל אין קאָל אין ווײַטן, איר האָט ברידער דאָרט דערקענט,
ווײַל אין באַפעל, אין הייסן, אָטעמט אײַער טרוים — — — —"

מ׳האָט זיך געקושט און געדריקט די הענט,
נאָר אויסרעדן אַ וואָרט, מ׳האָט געקענט קוים.

ווי אַ יאָגנדיקער באַן איז קאַיאָר אַרוים,
ער וויל ניט קיין מענוכע מער אין וואָלקן־גליווער.
פּאַרטאָגיק־האַרטע ווינטן, מיט מערידע און פּאָרוים,
זיי מיט שטורעם האָבן וואָלקנס דורכגעטריבן.
דער מילך־וועג, ווי אַ טויב, האָט אַף ראַנד זיך באַוויזן,
דורך גראַטעס ז׳ער אַרײַן, זיך געגעבן אַ צעוויקל — — —
און זיי: אַוורעמל ווינער, די ברידער ליסט, געשטאַנען זיינען ווי די ריזן,
אין אויגן פון די שטרײַקער, האָבן טרערן, ווי פּערל געפינקלט.

# ערשטער סעפּטעמבער 1939

דער גאָלדענער האַרבסט אַף דער פּוילישער ערד,
האָט אין ציטער געזען דעם אָנקום פון שטורעם;
טריט אין רעציכעשן גאַנג ט׳ער געהערט
דערנאָך — איז בראַזג פון טרוימען און פידלען געקומען.

אין בעלוועדער האָבן פּריצים געשפּריצט מיט פאַרריסענער גײַווע:
„דער הער גערינג ווייס ווי פײַנט מיר האָבן באָלשעוויקעם!"
אַנטלאָפן זײַנען זיי מיט האָב און גוטס צו אַלדע טײַוול.
געבליבן איז דאָס פאָלק הילפלאָז, אין פלאַמען פאַרוויקלט.

# דאָס ייִדישע וואַרשע

אין גאָלדענעם האַרבסט אַף דער פּוילישער ערד,
האָט דאָס ייִדישע וואַרשע געקראַכט און געקרעכצט;
גזיירעס ווי האָגלען דורך טעג און נעכט, —
מיט סינע געשלײַדערט, געשטורעמט מיט שלעכטס.

אין גאָלדענעם האַרבסט אַף דער פּוילישער ערד,
זיינען די שטעטלעך — שכינה-שטעט געווען;
און די שכינה — צעשאָסן, פאַרגאַזט און פאַרברענט.
צום טאַקט האָבן קוילנוואַרפער דעם טויט געשטעפּט,

# וואָס וואָלט געווען?

מ. זאַכאַריאַשן

וואָס וואָלט געווען ווען די קאַפּעפּע
וואָלט מען ניט צעשטערט אָף סטאַלינס פּאָרזאָג ?
צי וואָלט ניט אין געטאָ דער ווידערשטאַנד געברענט ?
צי וואָלט די פּאַרטיי דאָרט, ניט גענעכטיקט ?, געטאָגט ?

צי וואָלט אַמסטערדאַם ניט געגאַנגען ווי שטענדיק פּאָרויס,
צינדן דעם אויפשטאַנד צווישן יונג און אַלט ?
וואָלט דער נאַצישער טויט ניט באַגעגנט דעם פויסט
פון פוילישן פאָלק אין שטורעם פון קאַמף ?

# אַנאַ פראַנק

דײַנע אויגן, זײַ לײַכטן נאָך ווי פינקלדיקע טראָפּנס טוי,
וואָס פאַלן אַף די בלעטער אין קאַיאָר און ווערן ניט פאַרפאַלן;
ביסט אַרײַן אין לעבן מיט פליגל־פּאָך פון אַ שטילע טויב
און ווי אַ פליסיק וואַסער־שורש, וואָס טריפט פון טיפע קוואַלן.

האָט דער ווינט דײַן אַש פאַרטראָגן אין די טיפע יאַמען
אָדער עפּשער ערגעץ אַף די שפּיצן פון די העכסטע בערג? —
איך האָב דײַן צערטלעך קאָל טיף אין האַרץ באַ מיר פאַרקלאַמערט,
און אין לויף אין האַסטיקן קעגן סוינע, ער איז מײַן שאַרף געווער.

# אַנאַ פֿראַנק אין 1964

היין שטייט אויף פּאַרמוטשעט אין גאָלדענעם קאַיאַר,
אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געטאַנצט פאַרשייַט דעם טוויסט
און ניט קיין וואלסן;
זי איז אַלין נאָך טויב צו הערן די קלאַנגען פון דייַן לויטער קאָל,
און בלינד צו זען, אַז זי דאַרף פון כאַרפּע זיך באַהאַלטן.

אין היין גרילצט מען דושאַז, די פידלען פון שטראַוסעס סימפאָניעס
ליגן דאָרט פאַרשעמט,
ס'טאַנצט אוים אין אָרגיעס דייַן באַפרייַטער ס.ס.־מערדער,
דעם נאַצישן סענטענץ;
אַ שיקערער פון פרייד, ער טופעט מיט די פים און פליעסקעט
מיט די הענט — — — —
אָ! אַנאַ, אַנאַ פראַנק, ד נעאָ־נאַצישע „דעמאָקראַטיע” האָט דיך
נאָכאַמאָל פאַרברענט!

# סעפּטעמבער 1963 אין פאַלקס־פּוילן

**אין אָנדענק פון לעוואַרטאָווסקין.**

דער גאָלדענער האַרבסט אַף דער פּוילישער ערד,
פינקלט און גליט און צאַפּלט אין טרוימען;
אָט דעם גאָלדענעם האַרבסט האָט לעוואַרטאָווסקי געהערט
גיין, ווען ער האָט אין געטאָ געבראָכן די צוימען.

אָט דעם גאָלדענעם האַרבסט, האָט פּ.פּ.ר. געשמידט,
אין שווערן געראַנגל, פאַרפאָלגט פון נאַצים:
מיטן בלוט פון זייַן האַרץ, האָט אים פינדער באַגילדט 1)
און מיליאָנען ברידער פון אַלע נאַציעס.

---

(1) — ערשטער סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ר.

# סאָניע מאַדייסקער

אין מיטן דער נאַכט, ווען דער הימל ווערט ברייטער,
ווערט אין ווילנע צעעפנט אַן אומבאַקאַנט קייווער,
און ווי אין דער מייַסע ווענן לעגענדאַרן לייטער,
באַווייַזט זיך אין לויטער סאָניע מאדייסקער.

ס'ליכט פון מעסירעס נעפּעש זי טראָגט אַף די אַקסלען,
אירע אויגן לויכטן מיט ווייַ-פרייד פון קאַיאָר — — —
ווו דער טויט האָט געלויערט, בליט דאָרט און וואַקסט שוין,
אין ראַכוועס זיך טראָגט אַ געשאַל, פון אַ מעכטיקן כאָר.

# פיל אוים די צאַוואָע

אַדאָלף בערמאַנען

דיַינע טעג, געשאָכטענע פון נאַצי־קוילער,
הענגען אַף די פּלויטן פון דער וועלט
מיט פאַרשטשימעטע ציין. טיפער פונעם טהאָם — דער טרויער,
דער געשריי־ציטער: מידאָס האַדין! — דעם גליוווער וועקט.

סט׳געזען ווי מענטשן־וועלף האָבן קינדער געטריבן צום טויט,
מיט מענטשן־וועלף האָסט זיך געראַנגלט אַף יעדן טראָט;
פיל אוים די צאַוואָע, אומעטום, ווו מישפּעט קעגן נאַצים גייט אויף
און טויט — אַף דאָר־דוירעם זאָל זיַין זייער שטראָף.

# דו ביסט דער ווידערקאָל

בער מאַרקן.

אין וואַנדער אַף די וועגן, פון זייער לעצטן גאַנג,
איך זע דיך גיין און ווי טראָפּנס טוי, דו קלײַבסט די קלאַנגען
פון דעם ווידער-קאָל —
פון אינטערנאַציאָנאַל און שמע יִשׂראָעל, אויסגעמישט אין איין
ליאַרעם - געזאַנג,
אין געשרייען פאַרקלעמטע, אין יעסורים, וואָס דו הערסט אַזוי קלאָר.

איך זע דיך גיין פון יאָר צו יאָר, אַלץ טיפער אין דעם וואַלד
פון פּײַן,
דו קלײַבסט די טרערן ווי פּערל, פון הערצאָיִזם — די קײַקעלעך
פון שטאָל ;
די ווידער-קוילעס וואָס הענגען נאָך אין כאָלאָל און קענען ניט
פאַרגיין — — —
דערציייל ! און איבער יאמען שרײַ אַריבער מיט גאַנצער קראַפט
פון קאָל.

# אַף דער טווזנט־יאָריקער פוילישער ערד

ד. ספאַרדן

ווען ניט די נאַצישע היענע, וואָלטן זין פון יידישן פאָלק
אַף פוילישער ערד,
ווי ווינטן אין שטורעם געיאָגט, ווי רווישיקע טייַכן געשטראָמט;
וואָלט צעטראָטענער כאָלעם פון פרייַהייט, אַצינד ניט
געקלעטערט אַף בערג?
וואָלטן שוסטער און שנייַדער, זינגער און שמידן, דאָס לאַנד ניט
געטאָקט און געשטאָלט?

ווען ניט די נאַצישע בעסטיע, וואָלטן נייַע באָטווין־זין,
דרייסטע מיט קוראַזש, אָן אויפהער, אַ ליכטיקן מאָרגן געשמידט,
זיי וואָלטן די הימלען געצונדן, מיט בלויען ליכט פין אַ בליץ,
די פרייַהייט זיי וואָלטן מיט צאַפּל פון הערצער פאַרהיט.

# 3000 נומערן „פאָלקס־שטימע״

הערש סמאָליאַרן.

אַט ערשט ניט לאַנג, די שוואַרצע היטלער־נאַכט, ס'האָט טויט
גערעוועט : „יודענריין ! ״
ס'איז דאָס פאָלק געווען אין טרויער, אין שוידער צווישן כוואַליעס,
אָן די רעטונגס - גאַרטלען,
טעזוטאַנען ווי די כאַיעס ווילד־צערייצטע, זיינען אין יעדן
הויז אַריין.
הורך מאָרד און פּיין, אויסגעלאָשן פון אויגן די שיין, שטעט געלאָזן
ווי וועלדער אויסגעהאַקטע

און ס'איז געשען: ניט ווי דאָס געפּעכט, אַ געוויינלעכם
צווישן טאָג און נאַכט, —
פון מיליאָנען טעג די קראַפט, האָט זיך געראַנגלט קעגן
פינצטערניש און גרוילן ;
און כאָטש אַ בלוטיקע גייט אָן קעגן פאַשיזם די האַרבע שלאַכט,
האָט ניצאָכן אונדזערער, אויפגעוועקט די ערד, דערגרייכט
דעם הימל־רוים.

# די אויפגעבויטע וואַרשע

י. ציראַנקעוויטשן

די אויפגעבויטע וואַרשע שעמערירט מיטן לויטער פון לובלינער
דעקלאַראַציע,
און יעדעם נײַע הויז, אַ העלדישער וועכטער איז. אַף גרענעץ
פון דער צײַט;
עס קריצן מיט די ציין, די הינטישע זין, פון נעאָ-נאַצישער
גערמאַניע,
מיט די נעגל זיי גראַבלען, זיי ברומען און וואָיען, ווי וועלף
אין אַ שטײַג.

די ליכטיקע וואַרשע טאַנצט אַף כאַסענעס פון אירע בויער —
די העלדן,
און רופט אירע העלדישע זין צו שטיין אַף דער וואַך.
זי שפּאַנט, די ליכטיקע שטאָט, מיט מיליאָנען צאַוואָע-באַפעלן,
מיט זון אַף די אַקסלען גייט זי אין שלאַכט, קעגן אַ נײַער
היטלערישער נאַכט.

# די באַפרייטע פּוילישע ערד

גאָמולקאָן

לאַנד פון ניקאָלאַי קאָפּערניק, פון שאָפּען און אַדאַם מיצקעוויטש,
וווּ פרײַהייט דראַנג פון 1863 ט׳ווי אַ שטורעם אײַנגעוואַלגערט
צוימען ;
יאָרהונדערטער אין אונטערערד, מיט קראַפט געברויזט
האָט שטענדיק
דער מעסירעס-נעפעש פון דײַנע זין, פאַר אַ זעלבסטשטענדיק פוילן.

איצט קומט „נאָווא הוטא" אַף אַ זיצונג אין בעלוועדער,
און ביידע גייען אין די נעכט צום קדוישים - מאָנומענט ;
אין פליסטער, די ווײַסל זעט, ווי ניצאָכן שפּאַנט אַף ראַקעטן
און קאַנאָנען-רעדער,
און שטערן הערן אַ געזאַנג : „זאָג ניט אַז דו גייסט
דעם לעצטן וועג ! "

# האַרבסט

שווימט דער טאָג אַצינד, אין האַרבסטיק גאָלד,
ווי אַ שוואַן אין שטילינק וואַסער;
אין מיַירעוו דער הימל, איז מיט וואָלקנס באַלאָדט,
די זון פון דעכער גייט אַראָפּ, ווערט בלאַסער.

פול דער סקווער איז מיט קינדערש גערודער:
זיי שפּרינגען, זיי טאַנצן, זיי הילכן, זיי לאַכן;
כ׳שטיי לעבן זיי, אַן איינס פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
וואָס געשפּאָלטן האָט וואָלקנס, אין בליציקע שלאַכטן.

# קינדער, קינדער!

כ׳ווּיל זען אײַך צעפּינקלט ווי אין הימל די שטערן. —
און ווען איר וועט אַלע גרויסע שוין זײַן —
דאָ מ׳האָט נעכטן אין גערעאַנגל אין שווערן,
געקנאָטן דעם טאָג אונטער האָגל פון פּײַן.

איך גיי שוין אַוועק... פונדערווײַטנס און קלאָר
ווי אַ רווישיקער שטראָם, איז דער מאָרגן אין גאַנג;
געגריסט זײַ, אין אויפגאַנג, נײַיִנקער דאָר,
דײַן קאָל איך הער און כ׳הער דײַן געזאַנג.

# באַנאַכט

דער זייגער איז איינס און עפּשער שוין מער,
ס׳ווייִנט דער ווינט, דער הימל וויינט מיט קאַלטע טרערן;
ביימער אויפגעשוידערט, איבערראַשטע, פאַרקלערט,
דעם הימל-ראַנד פרעגן, ווו זיינען זיי די שטערן?

נאַכט. עמעץ גייט. ניט קיין טריט פון א נאַ וועגאַד.
די יוגנט שפּאַנט, זי צייכנט לאָזונגען אַף ווענט:
„יענקים טראָגט זיך אָפּ פון אונדזער לאַנד!
פון קובאַ די באַפרייַטע, נעמט אַוועק די הענט!"

# אין אָנדענק פון אַרן קורץ

דיַין לעבן ז׳פול געווען מיט שטעכלקעס, אַ לאַנגער דערנער־וועג,
און דו, ביסט געגאַנגען מיטן האַנט דערלאַנגען די רויטע רויז...
און ביסט דערגאַנגען, דורך כווישעך ביז העל באַגינען־ברעג,
מיט וואָרט פאַרויס, ווי אַ פאָן אין שלאַכט: פאַרבלוטיקט
און צעווייט.

צופֿ די שמאָלע פלייצעס דיַינע, אַזאַ מאַסע, און דו, באַפליגלט
פון פאַרלאַנגען
האָסט געטראָגן זינגענדיק די „היַינטיקע לידער” באַרג אַרויף...
ניט פון מידקייט ביסט געפאַלן, די זון, ווי דער שטייגער,
ז׳פאַרגאַנגען ..
— וואָס זשע טאָן ? — צינדן מ׳ר בלויע פלעמלעך אָן, און שטערן
— אַ מיליאָן, גייען אויף...

# דער טאָג פון נעקאָמע

דעם כאַווער אַלאָיסיאָ

עס גייט דער טאָג — אַ שטראָם אין האַסטיקן געיעג,
ווי די זון ער גייט, דורך קרומע און געדיכטע צווייַגן;
גיטאָ שוין מער די קראַפּט וואָס זאָל פאַרשטעלן אים דעם וועג,
אים, אין קריצעניש פאַרשמידן — פאַרשליסן אים אין קייטן.

עס גייט דער טאָג פון מישפּעט, דורך היילן און פון בערג,
אַ שטרענגן כעשבן מירן מאָנען, פאַר פאַרפּייַניקטע מיליאָנען;
עס גייט דער טאָג וואָס וועט צעשמעלצן ביזן דנאָ דאָס שלעכטס,
אָנדענק פון מאַרטירער, וועט פינקלען, אַף בלוט-פאַרפלעקטע פאָנען.

# אין שווערן גאַנג

אין אָנדענק פון פּײַערמאַנען.

איך גיי. „מיטן נאָז די ערד איך אַקער" און כ'פּאַרזיי.
ה'טרעפט קאַיאָר מיך אײַנגעבויגן, זון באַמערקט מיך אין פּאַרגיי;
כ'האָב געזען די זוימען גרינען און ווי צעטראָטן ס'האָבן זיי
די פּאַשיסטן, פּאָליציי. מיט כויזעק, זידל און געשריי.

איך גיי. ניט קיין זומפּן-טהאָם איז מײַן שווערער וועג.
און אוי! אַ וווּנדער! אַזויפיל הוראַקאַנען און גרויס איז מײַן
פאַרמעג!
נאָר ווען מיר דאַכט זיך אָפּט, די מידקייט פירט מיך שוין צום
לעצטן ברעג...
כ'טרעף מײַן זון אין פולער גוווּרע, פליאַסטערן דעם ברייטן וועג.

# יאָרצײַט

מײַן טאַטנס סטאָליערשע מײַסטערשאַפֿט איז אין ערגעץ
ניט פֿאַרשריבן,
באַם נײען האָט מײַן מאַמע ניגונים שטיל געזונגען;
נאָר ס'איז נאָך זײ אַ יערושע, אַ גרויסע גאָר פֿאַרבליבן,
וואָס וועט לײַכטן ווי די שטערן און וועט קײנמאָל ניט פֿאַרשווינדן.

די ליבע צו די פֿרײַנט פֿון ווײַסרוסישער ערד,
דער צאַפּלדיקער טרוים: וועלט זאָל פֿון פֿאַשיזם אַ באַפֿרײַטע
ווערן!
און כאָטש די דערלײזונג איז ניט געווען זײ באַשערט,
אין קלעם פֿון לײַדן האָבן זײ פֿון ניצאָכן — טריט געהערט.

# ראָול אַלטערמאַן

די כאַיע, די פּאַשיסטישע, האָט זיך פּאַרטאַיעט צו אַ בלוטיקן רויב,
געגנערט פון האַס און מאָרד, פון שיגאָען און טעראָר;
און ס׳האָט אַ קויל דײַן לויטערקייט, צעלעכערט און צעשטויבט,
דײַנע אויגן אויסגעלאָשן, דערשטיקט דאָס לעצטע וואָרט.

ס׳האָט די „טאַקואַראַ״־באַנדע העפקערדיק דערקלערט:
זיי האָבן דיך דערהאַרגעט, ווײַל דו ביסט אַ ייִד,
ווײַל, ביסט געווען אַ שטערן אַף דער ערד;
ווײַל די פרײַהייט האָסט מיט פעלקער־ברידער געשמידט.

# דער האַלבער יאָרהונדערט

א. ביקן

דער האַלבער יאָרהונדערט פון צעטרייסל און בראַזג.
אין געראַנגל, אין שווערן, קעגן צעווילדעטע הענקער,
אַ צעשטראַלטער ער האָט, דורך הוראַגאַנען געוואַגט
אין סאַמע בעהאָלע, דעם הימל מיט שטערן באַהענגען.

און דו אַן איינס, אַ טרעגער פון פונקען,
האָסט שטערן פון הימל פאַרפלאַנצט אַף דער ערד,
און כאָטש די רישעס די רישעס איז ניט געזונקען,
שאַלט דער ניצאָכן איבער יאַמען און בערג.

# צו דער „מאָרגן־פרײַהייט״

פּ. נאָוויקאָן

„וויקלט פאַנאַנדער די פאָנען די רויטע״, אַזוי האָט דער ליכטיקער
זיידע געשריבן;
שוין צענדליקער יאָרן אַז איר וועבט און איר וויקלט,
ווי אַ פאַקל איר טראָגט זי אין צעברויזטן געוויטער,
און ס׳רעוועט דער סוינע, „איך וואָלט זי צעריסן! איך וואָלט
זי צעשטיקלט!

איר וויקלט פאַנאַנדער, איר וויקלט פאַנאַנדער און ס׳וואַקסט
דער געראַנגל,
ס׳ווערן די ראַנדן פון הימל צעוואַלגערט, פון שנײַדיקע בליצן,
אַלאַרמיקע דונערם;
אין אַ רינשטאָק פון דאַלאַס, *) די קאָנסטיטוציע פון וואַשינגטאָן
ווי אַ בעטלער זיך וואַלגערט
און יעדע בלעטל פון אַ בוים, וואָס דער ווינט רײַסט אָפּ, זאָגט אָן
מיט רוגזע — אַ שטורעם.

# פּעליפּע וואַזשעסע

דרײַ און צוואַנציק יאָר איז אַלט געווען וואַזשעסע.
ווען אַף וועג צו דער פֿאַבריק, פּאָליציי האָט אים פֿאַרהאַלטן.
די שטומע נאַכט, וועט זײַן פּײַן, זײַן ווײ ניט פֿאַרגעסן
ניט זײַן אויסגעשריי: פֿאַרוואָס? ! וואָס האָט ווענט געשפּאָלטן...

באַנאַכט פֿרעגט וואַזשעסעס קינד: און דער טאַטע? פֿאַרוואָס?...
באַנאַכט שרײַבט מען אָן אַף ווענט: מערדער, פֿאַרוואָס?
וואַזשעסע ווו איז? !
דער צאָרן וואַקסט און פֿילט זיך אָן ווי טראָפּנס וואַסער אין
א גלאָז.
און דער אומרו שפּאַנט מיט טריט, מיט האַסטיקע, ווי אַ ריז.

# דער שוואַרצהויטיקער עדוואַרד עווערס

דעם ווײַסן כאָלעם פון פרײַהייט און שאָלעם, האָט עווערס
דער נעגער,
געיאַרשנט פון זײַן צעטראָטענעם שוואַרצהויטיקן ייִדן —
נאָר אַ ווײַסער, מיט אַ שוואַרצער נעשאָמע, ווי מאַקאַרטי
דער מערדער.
האָט ווי אַ פּאַכדן אים דערשאָסן, דעם פרײַהייטס דראַנג צו טויטן.

שווימט די לעוואָנע אַ ווײַסע ווי זײַן כאָלעם, און אָט קומט אָן
אַ וואָלקן,
פאַרשטעלט ער איר פּאָנים, נאָר זי דורך כאלעל, זי רײַסט זיך
אין ווײַטן.
וואָלקן און כאָלעם, לעוואָנע און וואָלקן, פון געראַנגל ווערט
דער הימל צעשפּאָלטן,
און אַף רוקן פון צעשטראַלטן כאָלעם, צוויי קינדער:
אַ ווײַסער און אַ שוואַרצער רײַטן.

# דאָס וואָרט פון מוירלי עוועדס

דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט געבראַכט עווערסן צו קווירע, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פּראָטעסט־מיטינג, אויף וועלכן עס האָט גערעדט זײַן פרוי, מוירלי, זי האָט געזאָגט:

דער מאָרד, אין טיפן צאַר פאַר אונדז, וועט ניט אָפּשטעלן,
די שלאַכט אין ברען, זי וועט מיט מערער אימפּעט גײן:
אין באַריקאַדעס הייסע, פאַרוואַנדלען וועלן מיר די שוועלן,
מיט ווערטער האָגלען, מיט פײַער און מיט שטײן".

„קען זײַן דער ווײַסער מערדער וועט אין מיר איצט צילן,
מײַנע קינדער וועט ער וועלן מאָרגן טויטן;
נאָר אונדזער אויפברויז־צאַר וועט קיינער ניט צעטרעטן,
מיִג די וווּנד זײַן טיפער און נאָך מערער ווײ־טאָן.

# ראָזענבערגס קינדער

ראזענבערגס זון לערנט זיך אין יורידישן פאקולטעט, קעדיי ווען ער וועט זיך גראַדואירן, זאל ער פארפירן א פראצעס פאַרן מארד פון זיינע עלטערן.

(פון די צייטונגען)

פאַרוואָס ? פאַרוועןֹ ? פאַרוואָס ? פאַרוועןֹ ?
ראָזענבערגס קינדער האַלטן אין פרעגן :
האָט מען דעם טאַטן און מאַמען פאַרברענט
און מען האָט אונדז אַף הפקר געלאָזט אַף די וועגן.

אַצינדער שוין גרויסע, ווילן זיי וויסן,
די געזעצן פון לאַנד דעראָבערן טיף — — —
— וועט איר פרעגן אַ וואָלף פאַרוואָס ער האָט געביסן ?
וועט איר פרעגן אַ שלאַנג, פאַרוואָס זי איז גיפט ?

# צו אַווראָם רייזען

האָסט די ערד געאַקערט מיט דײַן גוטסקייט,
זי ווייך געמאַכט מיט דײַנע טרערן;
פון קיידאַנאַוו ביז הודסאָן ברעגן,
האָט דיך באַגלייט דער זעלבער שטערן.

„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן!"
ניין. זיי וועלן שוין ניט הוליען מער!
די וואָס ברעכן צוימען אין די רוימען,
וועט צוימען די ווינטן ניט אָנקומען שווער...

# אין מײַן לאַנד

רָאדאָלפאָ גיאָלדין

אין פענצטער פון מײַן לאַנד קלאַפּן הײַנט מיט שטורעם,
די שויבן װערן אַף פּיצלעך צעשטויבט,
— דער װעכטער װוּ איז? און װוּ איז דעם װעכטערס טורעם?!
ס׳האָט דאָס רעװוען און רעציכע געדונערט און פאַרטויבט.

אַף צעשפּרייטע פליגל פון אַ װינט, אַ װידערקאָל. נאָר שטיל
זינגט מיט בענקשאַפט אוים: שטענדיק איז דער װעכטער
אַף דער װאַך!
נאָר פאַר זײַן אַ װעכטער, מען האָט אין קייטן אים געשמידט.
און פאַרן װאַך־זײַן אינעם טורעם, מען האָט אין טורמע
אים פאַרשפּאַרט.

# איך קען אים

איך קען אים לענינען, איך בין מיט אים געווען
אין סינדיקאַט, ווען ס'האָט מיט קראַפט געקלאַפּט דער
ערעוו-שטרייַק.
אַ ביסל אָנגעבויגן, אין די אויגן האָט די כאָכמע העל געברענט,
ווי ס'וואָלטן בליצן בלויע דעם הימל געשניטן, גאָר נאָענט
און ערגעץ ווייַט...

איך קען אים, לענינען, איך בין מיט אים געווען,
בעיים אַ רעצייעך האָט מיט קולאַקעס מיר אין קאָפּ געזעצט:
פון ביכער צעריסענע ער האָט צו מיר גערעדט,
ס'האָט זייַן וואָרט געוועקט, ס'האָט זייַן וואָרט געגלעט...

# ווי אַמאָל

**ה. בלאָשטיינען — אַ גרוס**

איך בין נאָך אַלץ אין דרוקערייַען ווי אַמאָל,
אײַנגעבויגן, נורען מײַנע אויגן אין דעם קאַלטן בלײַ;
צעברויזטער ביין האַשמאָשעס, איז ניט קיין גרינער טאָל,
פול מיט קנייטשן איז דער שטערן פון די נײַע צײַט...

די שטערן קוקן ווי אַמאָל, ווען איך גיי אַהיים,
זיי פינקלען. זיי ווינקען, ווען געפּאַר עס לויערט.
נאָר ווי אַמאָל, איז אַ פרײַנט מיר יעדער שטיין,,
און כ'אָטעם מיטן אָנקום פון פרימאָרגנדיקע טויען.

# די פאָן

**אין אָנדענק פון טאָגליאַטין**

...„אָ, גוטער פרײַנט — — — צו דײַן קייווער כ׳טראָג
די רויטע פאָן
וואָס איז פון בלוט, פון אַרבעטס-מאַן באַשפּריצט" — — — —
ס׳איז די זעלבע פאָן, וואָס מאַציני און גאַריבאַלדי האָבן
אויפגעהויבן אַמאָל
און מאַרקס און ענגעלס, אינעם יאָר פון פעלקער-פרילינג.

אָ, גוטער פרײַנט: אַזויפיל קלאָרקייט מיט דײַן וואָרט דו האָסט
פאַרקריצט,
און מיט גלי און פלאַקער האָסט אײַנגעשניטן דעם דיקן
וואָלקן-צוים,
אים צעפּיצלט מיטן פלאַם, וואָס דײַן ליכטיק האַרץ האָט
אויסגעבליצט —
און אין קאַטוילישן רוים, האָסט די פאָן פון אַרבעטס-מענטש
דערהויבן ביזן רוים...

# „די גאָלדענע קייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור"

אַ. ווערגעליסן

אָט ערשט ניט לאַנג. אַ סוינע האָט צעשאָטן אירע רינגען.
די שמידער אירע. צעשמעטערט און צעשטויבט ;
פון זקיינים ביז די קלענסטע פיצלעך קינדער.
ער האָט פאַרברענט זיי. צעטראָטן און געטויט.

פאַרבליבן איז אַ וואָרצעלע אין טיפעניש פון ערד.
אַ שטענגעלע וואָס אָטעמט. טרינקט פון דנאָ די זאַפט ;
נאָר פלוצלונג. אַ צעגרינטסט. ט׳עס אַ הילך געטאָן : איך לעב !
פון פרייד. אַ שטערן פונעם הימל, האָט עס אַרומגעכאַפט.

# טרערן

א. גאָנטאַרן

כ'האָב קיינמאָל אין טפיסע געוויינט. ניט ווען געפּייַניקט ס'האָט דער „עספּעסיאַל",
בלויז אין שאָ פון פרייד, כ'קען די טרערן ניט באַהאַלטן;
ווילט זיך מיר אַצינד טיר און פענצטער געבן אַ צעפּראַל,
די שטילקייט, די פאַרגליווערטע, מיט האַמערס זי צעשפּאַלטן.

ווילט זיך מיר אַצינד מייַנע ברייטע פּלייצעס אונטערשטעלן,
טרערן פון פרייד — איבערגיסן אין טוי און רעגן;
זייַן אַ שפּאַל, דאָרטן ווו ס'ווערן אייַנגעפּעסטיקט שוועלן,
ווו קינדער וועלן קומען: זינגען, הערן, פרעגן.

# „סאַוועטיש הײמלאַנד״

די זון. זי קלעטערט אַף שפּיציקע הױכן, און אין טאָל
נאָך לױערט מיט געװאָי, אַ צעװילדעטע, די רױב־כּאַיע;
פון לױטערקײט און געװיסן איז אױסגעשטאָלט דײַן קאָל.
װאָס אָטעמט מיט ליבשאַפט און מיט דער פרײד פון — לעכאַים!

זי שפּאַנט די זון מיט האַסטיקע פאַרמעסטן.
װי אַ שיף װאָס צעשנײַדט די שױמיקע בערג;
אַף רוף פון פלאַנירער: נעמען די פעסטונג!
הילכט אין כאָר דײַן ייִדיש לאָשן: איך הער!

# ליכטיקער סאָוועטישער מענטש

## דעם גוואַרדיע־גענעראַל־לייטענאַנט הירש פּלאַסקאָוו

ביסט באַם ראַנד פֿון טעג געשטאַנען, ווען שקיע ט׳זיך געראַנגלט מיט קאַיאָר,
ווען פֿון געפּעכט פֿון בלוטיקן, איז ערד און הימל געווען איין פֿײַערדיקע לאַווע;
פֿאַראַן אַזאַ מין גרויסקייט, וואָס שטײַגט איבער דאָס מעכטיקסטע וואָרט,
פֿאַראַן אַזאַ מין פּײַן, וואָס איז טיפֿער נאָך פֿון טיף־טהאָמיקע יאַמען.

אין יענע טעג, ווען די בעסטיע איז אין שטעט אַוועק און האָט דעם מענטש אין וואַלד פֿאַריאָגט
און ס׳האָט אַ הוראַקאַן, טעראָר און פּײַן געזייט און צונויפֿגעקרייצט רעציכע און שרעק;
אין יענע שוואַרצע היטלער־נעכט האָבן מענטשן סאָוועטישע,
מיט ליכט פֿון הערצער, אָנגעצונדן דעם טאָג;
אין יענע טעג, איז נאָכאַמאָל, אויפֿגעקומען אַף אייביק, אַ ליכטיקע די וועלט.

# דורך שטיינערנע וועגן

איך בין קיינמאָל געגאַנגען אַף געפּליאַסטערטע וועגן,
וואָס זאָלן מיך פירן צו פאַרסוידעטע ווינקען,
וואָס קלאַפּן זיך אָן ווי כוואַליעס אין ברעגן,
און ווערן פון כוואַליעס, פון נייַע פאַרזונקען;
מייַן היים כ׳האָב פאַרוואַנדלט אין אַ וואַכאַזמען טורעס,
כ׳זאָל קענען וואָרענען, וועקן, פאַרהיטן,
אויב דער סוינע וועט צעבינדן אַ גרויזאַם שטורעם
און דעם הימל וועלן אַרומנעמען שנייַדיקע בליצן.

ס׳איז ניט שווער מיר צו גיין דורך שטיינערנע פליינען
וואָס פאַרווונדן די פיס און פאַרהאַלטן דעם גאַנג.
אַמאָל פאַלט אין קאָפּ, אויך אַ שטיין פון איינעם,
אַ טאַם וואָס מען הייסט : גיין און דערלאַנג...!
ס׳איז ניט שווער מיר צו טראָגן מיט ליבשאַפט די לאַסט,
וואָס איך האָב זי גענומען באַ דעם שוסטער לעקערט,
וואָס איך האָב זי גענומען באַ דיכטער פון מייַן קלאַס,
וועלכע האָבן מיט געזאַנג אַף פעלזן געקלעטערט...

ס׳איז ניט שווער מיך צו גיין, דורך אַלע געפאַרן,
אין וועלכע איך האָב זיך געשטאַרקט און געלייַטערט.
די רוגזע פון האַרן וועט מיך ניט באַפאַלן,
כ׳האָב פאַכעד און כניפע לאַנג שוין פאַרשלייַדערט ;
ס׳איז ניט שווער מיך צו גיין אין פינצטערער נאַכט,
ווען ווינטן און הינט פאַרביטערטע וואָיען,
כ׳בין אַ וועכטער פון פאָלק, שטיי איך אַף וואַך,
ס׳האָט קיין שליטע איבער מיר: פאַכעד און ניסאָיען.

# אין באַגין

כ'טראָג אַזויפיל אומרו אין מײַן האַרץ, ווי אַ יאַם וואָלט
דאָרט געברויזט,
וואָס כוואַליעט זיך אַ שוימיקער מיט שטורעם צו די ברעגן,
איך גיי און ראַנגל זיך אין גאַנג אין שווערן, קעגן ווינטיקן גערויש
וואָס בושעוועט מיט געוואַי אַף אַלע מײַנע וועגן.

אָפּט דערזע איך זיך, אַלײן, ווי ס'וואָלט אַ באַן פאַרבײַ און
אַלעמען פאַרנומען
און פאַרטראָגן ערגעץ אין דעם אָנסאָפּיקן פאַרבלויטן רוים,
נאָר קיינמאָל בין איך ניט געהאָנגען, ווי אַ פּוסטער עמער
בײַ אַ ברונעם,
וואָס וואַרט אַן אויסגעטריקנטער אַז ווינט זאָל כאָטש אים
שאָקלען קוים.

דער וועג וואָס פירט צו אַלע מײַנע טרוימען, וואָס דוירעס
האָבן געוועבט,
איז פול מיט געוויטער, מיט שטיינערנע גריבער,
מיט נאַקעטע ווענט;
פאַר אַ סך איז עס אַ באַרג, וואָס זײַן גרויקייט דעם לויטער
פאַרשטעלט
און זיי קערן זיך אום פאַרמאַטערט און פון פאַרצווייפלונג —
פאַרשעמט.

איך ווייס, כ'שטיי צוקאָפּנס פון אַ נײַעם, פון אַן אויפגייענדיקן טאָג,
וואָס וועט פאַרטרײַבן אַלע שאָטנס, אַלע צווייפלער און
געבונדענע פון מוירע,
לויף איך אום מיט אַ צעריסן העמד, ווי אַ סאַנקיליאָט
און צעטראָג דעם ווידערקאָל פון דער צעהילכטער בסורע.

# דער נײַער טאָג

די קלאָרקייט שוועבט, פון אַלע בערג צו טאָלן,
זי שפּרייט זיך אויס, איבער פעלד און שטעט,
איז ווו מען שלאָפט, צעפּראַל אַף גיך דעם לאָדן —
מיט האַרבן רוף, וועק אויף זיי, גיך און וועק.

אַ וואָלקן שווימט, פאַרפאָלגט איז ער פון ווינטן,
ווי אַ פּיראַט באַזיגט אין שלאַכט,
און ווו ער ציט, קען ער זיך ניט פאַרבינדן,
מיט רעשטלעך שוואַרצע פון דער לאַנגער נאַכט.

דער פרילינג שפּאַנט, פון זונען אַ צעשטראַלטער,
שאָלעם — יאַם! געגריסט זײַ ערד!
און ווי אַ שטראָם, וואָס קען זיך ניט פאַרהאַלטן,
זײַן גאַנג, זײַן רויש, ווערט אומעטום געהערט.

דער פרילינג שטראָמט — „דער פרילינג פון די פעלקער"
געשמידט פון מוט און טיפסטע פּײַן!
די פרײַהייט שפּאַנט — אַף אייביק אַ צעהעלטע,
אין יעדן הויז זי קומט מיט פרייד אַרײַן.

פון ווײַט זיך טראָגט, אַף אַקסלען פון באַגינען,
אַ ליד אַ לויטערס, אַ מונטערדיקער שאַל,
זינגען פעלקער לויטערע ניגונים, —
אַ סימפאָניע — ווי אַ שטראָמיקן קוואַל.

# אַרגענטינע

מײַן לאַנד איז שלאַנק ווי אַ דעמבענער בוים,
וואָס גרינט און זינגט און ווינקט צו שטערן;
די ביימער — צעבליטע, די שפּיצן — באַקרוינט,
ווי מיידלעך זיי שטייען, זיך שושקען אַף וועגן.
אין אָטעם אין הייסן, אין געיעג פון די ווינטן,
ווען ס'שלענגלען דורך בלעטער שטראַליקע פײַלן,
זינגען די ביימער אַ ניגן אַ שטילן,
וואָס טראָגט זיך דורך טאָלן אַף טויזנטער מײַלן.

מײַן לאַנד איז באַוואַסערט פון פליסיקע טײַכן,
פון אָזערעס טיפע, וואָס פלייצן און שפּרודלען;
וואָס שטראָמען און יאָגן צו אָקעאַנישע ווײַטן,
קערן זיך אום און קענען ניט רוען.
און דאָרט ווו די ערד איז שטייניק און האַרט,
ווי מיט טוי באַדעקט פון סאַליטרע־שוים,
ליגן דאָרט וואָלפראַם, קופּער און קוואַרץ,
און צין און בלײַ און אײַזן און קויל.

מײַן לאַנד איז געפּאַנצערט מיט מעכטיקע בערג:
בראָנדזענע גיבורים צעשטעלט אין אַ קרײַז.
זיי שטייען פאַרגליווערט מיט שניי אַף די קערק,
ווי וועכטער וואָס זײַנען געקומען פון ווײַט;
זיי סוידען זיך שטיל, זיי סוידען זיך שטרענג,
זיי קענען דעם אומרו מער ניט דערשטיקן:

אַף מעגבישן מיט בייערס זיי וואַרטן פאַרבענקט,
צו זעטיקן דאָס לאַנד מיט שטאָל, אַנטראַציטן.

און ס'וואַקסן לעראָזו גרינסן און ווייַן,
צוקער-רער, טרויבן, גאָלדענע מאַראנצן.
ס'זיינען די מערק מיט פרוכטן פאַרפלייצט,
מיט בלומען, אַנאַנאַס, אַראָמאַטישע פלאַנצן;
נאָר די וואָס אַקערן, זשוויגען, און שלעפּן,
האָבן קיין העמד, בלויז אַ דאַר שטיקל ברויט.
צעשפּרייט און פאַרגליווערט ליגן די סטעפּעס,
וואָס וואַרטן אַף אַ פרילינג צו ווערן פאַרזייט.

זיי וואַרטן אַף פרילינג... אַ ווונטש, אַ געבאָט,
וואָס ווערט דאָ געשמידט און ווערט דאָ געהאַמערט;
פאַרצוימט זייַנען פעלדער מיט שטעכיקן דראָט —
פון אַ שטעכיק געזעץ זיי זיינען פאַרקלאַמערט;
און פויערים - מענגעס, אַראָפּגעהאַקטע צווייַגן,
ליגן אַף וועגן, זיך קאָרטשען און וויאַנען;
ס'גליט אין זיי און ס'ברענט אַ פאַרצאָרנט שווייַגן,
נאָר ס'ווערט זייער צאַר, ניט געהערט, ניט פאַרשטאַנען.

זיי ליגן אַף וועגן מיט ווייַבער און קינדער,
און ס'וואַרגט די רעציכע אין זייערע העלדזער — — —
אייב גאָט האָט געגעבן... זאָגט איינער פאַרביטערט,
מיט ליבשאַפט ער קוקט אַף סטעפּיקע פעלדער
וואָס ליגן אין טרויער און אין טרויער ער טרוימט:
ברויט פאַר די קינדער, גראָז פאַר די שאָף,
אַ ברוינעם דערנעבן, אַ כאַטקע, אַ פלויט — — —
נאָר דאָס לאַנד איז מיט פּריצים און רויבער באַשטראָפט!

מיט קלומקעס אַף פּלייצעס, אין די געפּלאַסטערטע שטעט,
זיי קומען פאַרשטויבטע פון ווינט און פון רעגן;
זיי וואָלטן גענומען כאָטש אַ שטיין פאַר אַ בעט,
ס'קינד זאָל זיך לייגן, די מאַמע דערנעבן.

נאָר טויב זייַנען אַלע און אַלין איז דאָ פרעמד,
איבעריק איז דאָ דער מענטש, דער גיבער,
וואָס האָט ניט וועמען פאַרקויפן זייַנע הענט,
וועלכע פאַלן פון כאַרפּע מאַכטלאָז אַנידער.

אין די שטעט פון מייַן לאַנד בלאָנקען אַרום,
פרויען וואָס פאַרקויפן דעם גוף ווי אַ סכוירע;
פאַרפאָלגטע פון וועכטער, ווינקען זיי שטום,
און אַנטלויפן ווי כאַיעס געיאָגטע פון מוירע.
אין גרויע האָטעלן, צו צוויי אין אַ צימער,
זיי טיילן זיך מיט ברויט וואָס איינע האָט פאַרדינט,
מידע פון פייַן, זיי קאָרנייען פאַר קריוודע,
און ס׳הערן זייער געוויין די הינט און דער ווינט...

אין די שטעט פון מייַן לאַנד, פליען ווי קראָען
יעדיעס שוואַרצע, וואָס קראַקען אין כאָר:
מ׳זאָגט אַ פאַשיסטישער שטאַטס-קלאַפּ איז נאָענט,
איבערפאַלן אַף סינדיקאַטן קומען שוין פאָר;
און איבערן לאַנד — אַרעסטן, אַרעסטן,
אַרעסטן און פּייַניקונגען אָן אַ סאָף.
אין געראַנגל שטייט די אַנטיפאַשיסטישע פרעסע,
און איר מויל וועט קיינמאָל ווערן פאַרשטאָפּט.

און ס׳קומען צופאָרן און ס׳פאָרן אַוועק,
„דעמאָקראַטישע״ יעגקים מיט האַקנקרייץ אין לאַצן;
זיי האָבן אין קייטן דאָס לאַנד פאַרקלעמט,
אין כוויוועס, דעפיציטן, וואָס זיי רופן — אַליאַנץ.
ס׳וואַקסט דאָ די נויט און זי דראָט שוין מיט מוירע,
אומזיסט וואַרטן פּלייצעס באַ געשלאָסענע טויערן — — — —
שאָטנס שוואַרצע גייען נאָך און לויערן,
היטן די טריט און מיט אויגן זיי בויערן...

אין די שטעט פון מייַן לאַנד, אַף די ווענט פון די מויערן,
שרייַבט מען אין די נעכט, לאָזונגען האַרבע:

„פרײַהייט די אַרעסטירטע! העכערע לױנען!
„איידער לעבן קניענדיק, בעסער שטייענדיק שטאַרבן!".
ווי ווינטן ערעווּ פרילינג, ווי כוואַליעס אינעם יאַם,
ברויזן די לאָזונגען פון פּלאַקאַטן אַף די ווענט:
„אין פראָנט פון שאָלעם, שטייט דער ראַטנפאַרבאַנד!
„פון קובאַ, יענקיס, נעמט אַוועק די הענט!".

אין די שטעט פון מײַן לאַנד, אַף די ווענט, אַף די ראָגן,
קוקט דער טויט דורך די לעכער, פון שוואַרצן האַקנקרייץ:
„זײַ אַ פּאַטריאָט און זאָלסט די ייִדן מאָרדן!
„טראָגט זיך אָפּ פונדאַנען! קיין מאָסקווע גייט!"
מיט סמאָלע זיינען ווענט פון קולטור־הײַזער פאַרפלעקט,
און פון מאַשין־געווער זיי ווערן זייער אָפט באַשאָסן;
ניט מאַכט קיין ווען, זאָגט די פּניי, ס׳זיינען ייִנגלעך און אַן עק,
דער שטאַדלען טרייסט: דעם מיניסטער האָט עס גוט פאַרדראָסן...

אַף אונדזער הימל־ראַנד בליט דער מאָרגנשטערן
פון אַ נײַעם טאָג, וואָס דורך אַלע וואָלקנס שפּאַרט...
ס׳זעען אים טוקומאַנער, וואָס שנײַדן צוקער־רערן,
די נאַפּט־אַרבעטער פון קאָמאָדאָראָ, באַרויבטע מיט גוואַלד.
ווי געננגסטער לויפן אום פאַרסאָפּעטע די הערשער,
זיי ווילן אײַנפירן דאָ, די מאַקאַרטישע געזעצן.
נאָר עס ענטפערן האַרב די וועבער וויזשאַ לינטשער,
מיט דעם גליאיקן באַשלוס: די פאַבריקן באַזעצן.

אַף בליץ־מאַניפעסטאַציעס, אין די גאַסן פון צענטער,
דונערט די צעשטראַלטע יוגנט: זאָל לעבן פידעל!
„שאָלעם ווילן מיר! שאָלעם מיט די פעלקער!
„אין קובאַ ווערט פאַרטיידיקט אויך אונדזער שוועל!"
— שים אַהין! דער גאַז פאַרשטיקט די הילכיקע געשרייען,
נאָר באַלד זיי פלאַמען אויף ווי שנײַדנדיקע בליצן,
עס קנאַלן ביקסן. פון ערגעץ טראָגן זיך פײַנלעכע די ווייען — —
און די יוגנט דונערט: קובאַ, מיר וועלן דיך באַשיצן!

# אַ נײַ־יאָר־גרוס די אַכט הונדערט און צוואַנציק אַרעסטירטע באַן־אַרבעטער

אַ קליינע מאַטאַנע דער צענטראַלער פרויען־קאָמיסיע באַם
איקוף, פאַר דער גרויסער מאַטאַנע וואָס זיי האָבן גע־
בראַכט אין טאָג פון נײַ־יאָר, די אַרעסטירטע באַן־אַרבעטער.

ווי הינער אָנגעגרוזעוועט, אין שטײַגן,
שטייען אַכט הונדערט און צוואַנציק באַן־אַרבעטער
בײַ פענצטער פאַרגראַטעטע, פון קאַזאַרמע־טפיסעם.
זיי קוקן אין נאַקעטן טאָג,
וואָס איז אין עלנט אויפגעקומען,
און וויל פאַר צאַאר אַ פאַל־טאָן אַף אַ ראָג,
אַף אַ גאַס אַ ליידיקער,
אין אַ טהאָם,
אין אַ באַרג־אַראָפּ.
זיי קוקן און שווײַגן,
די האַרטע טײַנעם קלאַפּן
ווי באַן־רעדער, יאָגנדיק אַף רעלסן:
זאָג פאַרוואָס?
זאָג פאַרוואָס?
פון דעם שטומען, פון דעם גאַפנדיקן שטוינען,
ווערט דאָס שווײַגן צעטרעשטשעט ווי גלאָז.
דער כאָלאָל גלאָצט
מיט זײַנע שטשערבאַטע אויגן,
די זון אַנטלויפט הינטער אַ וואָלקן־וואַנט,

און כמאַרעס אַ קאַראַוואַן, בלייבן שטיין,
ווי אַף אַ טויטע ליניע — אַ באַן.

די סאָלדאַטן - וועכטער, דראַגנגען
מיט מאַשין - געווער אין הענט,
ווערן ווי כאַיעס אין אַ צירק,
דרעסירט,
צו טויטן זיין גענייט.
און די טעמפּע — פלעגמע - אויגן,
זיי טראָגן אַ באַפעל:
ווער וועט וואַגן דאָ אַנטלויפן,
אים אַ קויל אַף שנעל!
ס'הענגען זיי נאָך, אַף די שוואַרצע רימענס:
קלאָלעס און האַס, סינע און קאַס.

די וואָס שניידן דאָס לאַנד אַדורך
אַף שטאָלענע רעלסן,
אין דער לענג, אין דער ברייט;
די וואָס פאַרבינדן:
מיזרעך מיט מייַרעוו, צאָפן מיט דאָרעם,
לאָדן אָפּ און לאָדן אָן,
אַף יעדן פּלאַטפאָרם,
אַף יעדן פּעראָן,
גוטס און האָב,
האָבן בלויז פאַרלאַנגט:
אַ גרעסער שטיקל ברויט,
פאַר דער פרוי — אַ קלייד,
שיך פאַרן קינד;
אויב ניט? — האָבן זיי געזאָגט,
אויב ניט? — — —
ווער קען פאַרהאַלטן אַ שטורעמדיקן ווינט?
ווען קען פאַרצוימען אין געיעג אַ געוויטער?
ווען ער שוימט, ווען ער רוישט,
און באַריערן צעברעכט ער;

ווער קען אַ האָגל, שלאַקסן פאַרהאַלטן?
און מיר?
די ערד מיר באַגערן באַצירן מיט שטערן,
טראָגן דאָס לאַנד, מיר ווילן באַרג אַרויף;
מיר ווילן דעם פרילינג פאַרגאַרטלען מיט סטעפּעס,
זוימען ברעגנען אין זעק און אין עמערס,
אַז דערנאָך זאָל די זריִע
מיטן רויג פון דער ערד,
זיך באַהעפטן און בלעזלען,
גרינען, וואַקסן און בליען.

אַן ענטפער מיט אַכזאָריעס אָנגעפּראָפּט,
ווי מיקראָבן אַף פויל־שטאָף,
ווי אַ ווערעם־געפרעס,
האָט ווי אַ גליאיקער אײַזן געברענט און געגליט:
אויב ניט?!
אויב פינגער וועלן אַרויסלאָזן די האַמערס,
די צוואַנגען;
אויב רוקנס לומבאַגישע,
וועלן רעלסן ניט זעגן, שפּיצן ניט פּײַלן;
אויב הייצערס וועלן קוילן אין פײַער
ניט דערלאַנגען,
אויב דלאָניעס מאַזאָליקע,
וועלן מאָטאָרן ניט לאָזן אין גאַנג,
לאָקאָמאָטיוון זאָלן איבער בליציקע רעלסן לויפן —
אויב ניט?!
וועלן מיר מאַכן אַ בלוטיקן שניט,
אַז פינצטער וועט ווערן,
און אײַער מערידע וועט אומגיין,
ווי אַ בלינדער מיט אומזיכערע טריט.

די נאַכט ווי אַ זקיינע איז געגאַנגען פאַמעלעך,
מיט אויסגערונענע אויגן,
מיט וואַקלדיקע טריט,

אַף אַ ראָג האָט זי אַ שטורעם באַגעגנט,
וואָס האָט זי געטריבן מיט רוגזע אַף צוריק;
ווי אַ נאַפט-לאָמפּ ט'זי געצאַנקט,
זיך פאַרלאָשן — — —
אין ערגעץ ט'אַ מאַסע אין פיבער געראַנגל;
נאָך טײַנעס גערעכטע זיך געגעבן אַ צעוויג,
ווי ס'וואָלט אַ יאַם-שטראָם אַרויס פונעם ברעג,
גרייט צו פאַרשווענקען דאָס זאַמדיקע לעבן;
גרייט צו צעטרײַבן וואָלקנס אין גליווער,
אויפרײַסן לאָדנס פון שטילן קאַיאָר,
טויערן צעפּראַלן פון נײַעם טאָג.

אַכט הונדערט און צוואַנציק באַן-אַרבעטער
ווערן שטרענג באַוואַכט אין קאַזאַרמע-טפיסעס,
מיט מאַשין-געווער אין הענט
שפּאַנט די וואַך:
זעלמס, קאָלבעס, געטשוועקלטע שיך.
אַ קאַפּראַל קאָמאַנדירט:
שטיין! לויפן! גיך!
נאָר דער ווינט וואָיענדיק פאַרשווינדט,
ווערט ווי רויך פאַרפאַלן;
אַ בלויער הימל קומט מיט פרייד פון בערג
און שפּרייט זיך איבער טאָלן אויס.

ס'איז דער איין און דרײַסיקסטער דעצעמבער,
די נאַכט פון אָנקומענדיקן נײַ-יאָר,
די אַרבעטס-מענטשן פון לאַנד,
די שעפער,
שטעלן זיך אויף;
אין יעדן האַרץ לעבט דער זעלבער טרוים-באַגער,
ווי שטערן פינקלען לויטערע פאַרלאַנגען,
עס הערט זיך אַ געזאַנג:
„הערט אויס אומשטערבלעכע,
דאָס הייליקע געשריי:

פרײַהייט, פרײַהייט, פרײַהייט ! "
דאָס פאָלק — אויפגעבראויזט,
אין געשלאָסענע רייען שפאַנט,
אַף אַקסלען :
פון דוירעס, די אויסגעטרוימטע באַגערן,
און פון העכסטע בערג, ביז די אונטערגרונטן,
מיט פאַקלען שאַלנדיק - צעשטראַלטע,
אין גאַנג אַף רוקנס פון שטורעם,
וואָס טראָגט אין זײַנע פאַלדן
דעם צאַרטן, אויסגעשטאָלטן פרילינג,
דעם פרילינג פון אַלע פעלקער,
אַף באַפרײַטער ערד.

# צו פֿאָלקס־פּוילן

I

איך האָב געזען דײַן כאַשכעס, וואָס פּריצישע פּאָלקאָווניקעס האָבן אויסגעשפּרייט,
און די שטעכלדראָטיקע אויגן פֿון דײַנע וועכטער, וואָס האָבן זי געהיט;
דעם געלעבערטן כאָלעל פֿון באַגנעטן האָבן געלאַטעטע קלויסטערישע רייד
און געלאָשן דעם אויפֿברויז אין פֿאָלק, וואָס האָט געקאָכט און געזידט.

דײַנע ריכטער — שיקערע הערשער, האָבן די זין פֿון פֿאָלק אין טפּיסע פֿאַרשיקט,
דעם שטורעם, דעם אויפֿגעיוירטן האָבן זיי געוואָלט אין קייטן פֿאַרשמידן,
נאָר די לויטערע הערצער פֿון פֿאָלק און פֿון בראָנדז — אויסגעהאַרטעוועטע בליקן,
האָט דעם אײַז, מיט דעם לענינישן ליכט־געהייב געשמעלצט און אים אויפֿגעריסן.

II

אַצינד זײַנען הימלען דײַנע ניט מער פֿאַרשוואַרצט פֿון די
פֿאַשיסטישע גזירעס,
זיי רעגענען מיט לויטערקייט אַף דער דאָרשטיק־נאַקעטער ערד;
דער אַרבעטס־טאָג וואָס גייט אויף אין באַגין, שמעקט מיט
זאַפטיקע פּיירעס,
ער פֿילט אָן מיט שעפֿע דעם טיש, וואָס האָט שטענדיק
פֿון הונגער געהערט.

דײַנע שטעט, די געשענדעט־פֿאַרברענטע פֿון די נאַצישע וואַנדאַלן
קוקן מונטערע צום הימל, זיי וואַקסן און זיי בליען; —
דאָס האָט סאָציאַליזם זיי געזאַפּטיקט פֿון זײַנע קוואַלן,
זיי זאָלן אויפֿגיין ווי די זון און קיינמאָל מער אַנטרינען.

אַ שאָד וואָס ניט אַלע ברידער באַטווינס האָבן דערלעבט
דעם טאָג פֿון ניצאָכן־פֿרייד,
און שפּאַנען ניט ווי בויער מיט געזאַנג, אַף די טרעפּ
פֿון פּעפּעערישן גראַניט;
נאָר אויך זיי, פֿון אַש, פֿון מאַסן־קוואָרים קומען אָן שטילערהייד
און זינגען אויס פֿאַראַקשנטע „טשערוואָני שטאַנדאַרט"
זייער לעצט ליד...

III

ווען אויסמעסטן וועט, דײַנע שוואַרץ־ערדיקע וועגן,
ווי עס ליגט פֿאַרבאָרגן פֿון דוירעס דער גרויל?
וואָס ס'פֿאָלק האָט שטענדיק אין קראַמפּן באַגעגנט
און איז געטראָטן געוואָרן פֿון פּריצישן זויל.

דײַן ערד — געלעסטערט פֿון פֿרעמדע פֿאַרכאַפּער,
זיי האָבן צום ווײַסל שאָסייען געבויט,
און ווען די געפֿאַר האָט ווי פֿײַער געפֿלאַקערט —
האָבן פּריצישע הערשער דײַן פֿרײַהייט פֿאַרקויפֿט.

די קראַפּט פֿונעם פֿאָלק ז'טיף ווי דײַנע וועלדער —
די פּוילישע וועלדער פֿון מערידע און רום;
ס'איז פֿאַרזייט דײַן געשיכטע מיט קעמפֿער און העלדן,
וואָס זײַנען יאָרהונדערטער געווען פֿאַרשטומט.

מ'האָט דײַן ערד ניט איינמאָל צעשניטן אַף שטיקער,
צווישן פּרײַסישע יונקערס און צאַרישע באַיאַרן,
און אין שותּפֿעס מיט זיי, האָבן פּוילישע ריטער,
דאָס פֿאָלק אין די טפּיסעס געזוכט צו פֿאַרשפּאַרן.

און ווען ס'האָט אין רויש דער צעכוואַליעטער אָקטאָבער,
די קייטן פֿון אונטערטעניקייט צעשמעטערט, צעשטויבט,
האָבן פּריצים־סאָציאַליסטן אין שותּפֿעס מיט סאָנים,
דײַן פֿרײַהייט די געגאַרטע געשענדעט, פֿאַרקויפֿט.

אין קאָשמאַר פון נאַציזם, אין ליַידן און בראָכן,
ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז דייַן צוקונפט פאַרשווינדט, —
אַף סאָוועטישער ערד, האָט מען געשמידט דעם ניצאָכן,
די אונטערערדישע בסורעס — האָט צעטראָגן דער ווינט.

איצטער גייט אויף מיט אימפעט, און פלאַקער,
די טרוימען פון פרייַהייט פון דייַנע זין פאַרזייט;
אוב אַ פעלזיקע שטערונג מוז ווערן צעאַקערט,
דייַנע זין, דייַנע ברידער — זייַנען שטענדיק גרייט...

# אַף די טרעפּ פון 22טן קאָנגרעס

— 1 —

מיר זײַנען געקראָכן אַף שפּיציקע פעלזן,
מיר האָבן צעבלוטיקט, פאַרוווּנדעט די פיס;
די זון, אַראָפּגידערן אַז זי זאָל צעשמעלצן
אַלץ וואָס פון דוירעס פאַרגליווערט דאָ איז — — — —
מיר האָבן אָן אָפּרו אין קראַמפּן געקלעטערט
מיט פויסטן פאַרקלעמטע ווי זײַלן-האַרט;
געשטיגן קעסיידער נאָך העכער, אַלץ העכער,
נאָך העכער פון פעלזיקן באַרג.

מיר האָבן אָן אָפּרו אין קראַמפּן געקלעטערט
און האָבן צעבראָכן די לוכעס פון געטער.

אין שטורעם, באַנאַכט, אין סאַמע געוויטער,
מיר האָבן די אויגן אין קנויטן פאַרווענדט
ווי נאָר אַ סימען פון וואָלקנשן שפּליטער,
מען האָט אים צעשטיקלט ווי צעטרייסלטע ווענט.
און ער וואָלט שוין לאַנג פון הימל צערונען,
פאַרזונקען געוואָרן ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער ברונעם,
ווען ס'וואָלט ניט אַ סוינע — סינע געשפּונען,
קעגן טרעגער פון ליכט אין צעהוליעטן שטורעם.

אין פאַרטײַעטן פּאַכאַד, אין סאַמע געוויטער,
מיר זײַנען געווען דער פלאַם און די היטער.

אין כּאַרטיײַעטן פּאַכאַד, אין סאַמע געוויטער,
פון פּעלזיקע הויכן פלעגט עמיץ אַ פאַל טאָן...
— „ווער איז דער פּאַכדן וואָס שרעקט זיך און ציטערט?״
דער עמעס פּאַר אונדז איז געווען באַהאַלטן !...
דער גלויבן איז שטאַרקער, ניטאָ קיין ניסאָיען,
דאָס האַרץ האָט געפינקלט, לויטערע באַגערן.
און דאָ האָט אַ וואָלף פון רעציכע געוואָיעט,
זײַן גזאַר איז געווען: אָן דין צו צעשטערן!

אין סאַמע געוויטער, אין סאַמע געוויטער,
מיר האָבן העכער געבויט און געגראָבן נאָך טיפער.

— 2 —

עס ווערן די כוואַליעס פון ווינטן געקייטלט
זיי רײַסן אַ דורך די פאַרצוימונג, די ווענט;
זיי רופן דעם טאָג-שײַן, ער זאָל זיי באַגלייטן,
זיי שטראָמען און שוימען און רוישן דאָ שטרענג.
זיי שפּאַנען אַריבער די זאַמד-בערג פאַרשטאַרטע,
וואָס ליגן פאַרגליווערט, וואָס ליגן פאַרשטיינט,
און זינגען אין גאַנג ניגונימלעך צאַרטע,
וואָס פאָלק נאָר, דאָס פּאָשעטע קען זיי פאַרשטיין.

זיי זינגען אין גאַנג צו שטראַליקע טעג,
און שטויסן אַוועק דעם טויט פונעם וועג.

דער טויט ווי אַ יאַם-וואָלף ט׳ אין כוואַליעס געלויערט,
ער האָט זיך געוואָרפן, פון מעשוגאַס געברויזט;
ניט נאָר פאַרצוקן, אויך פאַרזייען טרויער,
איז געווען זײַן ציל און ער האָט זיך געגרויסט.
דעם יאָמער פאַרשטיקט ,האָט ראַטנפאַרבאַנד ווי אַ ריז,
סאָציאַליזם געבויט מיט קראַפט און מונטער,
אין יעסורים און געזאַנג — מיט באָרוועסע פיס,
ט׳ער זיגעריש אַריבערגעשפּאַנט אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

די וואָלקנס, די שווערע, פאַרלאָדן מיט רעגן,
האָבן פאַרמעסט פון באָלשעוויק ניט געקענט מער צעשטערן.

דער זאַמדיקער וועג איז צום גליק שוין פאַרשוווּנדן,
עס וועט שוין קיין זייכער פון אים ניט פאַרבלײַבן;
דער צוואַנציקסטער קאָנגרעס האָט געעפנט די ווּנדן,
מיט לויטערקייט לענינס צו קענען פאַרהיילן.
אָט שטייט ער דער נעכטן, פאַרטויבט פון זיגן,
קעגן שוואַרצע הידרעס, מיט פעלקער-ברידער!
און יעדע פאַרלעצונג, וואָס איז געווען און פאַרבליבן,
וועט ווערן צעשמאָלצן, פון מײַן פאַרטיי — דעם ריכטער.

מיט דער לויטערקייט לענינס, אָפּן רוקן פון געשיכטע,
וועט ווערן די וועלט אַ צעהעלטע און ליכטיק!

— 3 —

איך גיי אַף די טרעפּ פון צוויי און צוואַנציקסטן קאָנגרעס
און איך זינג אין כאָר פון הונדערטער מיליאָנען;
ס'טאַנצן די פאַרמעסטן אַ באַלעט און עס העלט,
אַז דעם נעכטן זאָל שווער זײַן אינגאַנצן דערקאָנען.
ס'ווערן פלענער ווי קנאָספּן פון מאַרקסיזם באַטויט
און פון לענינישער זון זיי בליִען און וואַקסן.
צײַט, איך שטיי אַף דײַן שוועל, עס ליכטיקט און בלויט
פעלקער-טיטאַנען, מאַרשירן אַצינד, אַקסל בײַ אַקסל.

צײַט. עס צײַטיקט אויפסנײַ די פרוכטן וואָס זײַנען געלעגן
אין קלעם,
די גערעכטיקייט וואַכט פון דעם קרעמלשן וועכטער-טורעם.

איך גיי אַף די טרעפּ פון צוויי און צוואַנציקסטן קאָנגרעס
און כ'פיל אַז אַצינד כ'בין יִינגער געוואָרן;
פאַרלעצונגען — בערג גרויע, בלײַבן שטיין פאַרשעמט,
ווי וואָלקנס פאַרשווינדן זיי און ווערן פאַרלאָרן.

צו טרוימען די ווײַטסטע פון די פּלאַנירער,
יאָגן זיך טעג אַף שטאָלענע רעלסן
און מיט זיי די בויער, פון ליבשאַפט די שמידער,
וואָס וועלן דאָס שלעכטס ביזן דעק צעשמעלצן.

ווי אין מעכטיקן געיעג אַ באַן, וואָס צעשנײַדט דעם ווינט —
די מאַקע פון פּערזאָנען־קולט פאַרשווינדט, פאַרשווינדט.

איך גיי אַף די טרעפּ פון צוויי און צוואַנציקסטן קאָנגרעס —
דער קרישטאָלענער גלאָק וואָס האָט אויפגעוועקט צום לעבן;
די אַלע וואָס האָבן מײַן גלויבן פאַרשעמט,
זיי וועלן שוין מער ניט מיט פאַלשקייט פאַרבלענדן.
יעדער טאָג ברענגט אַ בסורע, אַ ווײַסע ווי אַ טויב:
די טירן פון פעלקער־פּאַלאַץ פאַר אַלעמען אָפן!
זינג איך אַצינד פּערעצעס ליד: „האָף און גלויב”!
און ווי פּערעצעס וועכטער כ׳וועל די געפאַר ניט
פאַרשלאָפן!

איך גיי אַף די טרעפּ פון צוויי און צוואַנציקסטן קאָנגרעס,
לויטער און שטאָלץ, אין אַ מעכטיק פאַרמעסט.

# די ווענט פון דער שטאָט בוענאָס איירעס

די ווענט פון דער שטאָט בוענאָס אײַרעס: שטומע, אין גרויקייט
פאַרטרויערט.
זאַפּן אײַן אין כאַשכעס פון נאַכט, דעם צאַר, דעם צאָרן פון פרויען
וואָס טײַנען, און קרעכצן, ווי צווײַגן וואָס ווערן פון שטורעם
געשלײַדערט —
פאַרוואָס קענען טעכטער און זין קיין אייגענע נעסטן ניט בויען? —
נאָר שלעפּן זיך אום אָן אַ ציל, באַדראָטע פון רויב־פויגל בייזע,
און זינקען און זינקען אין טהאָם פון פוילע טשערעטן...
דער קלויסטער שעפּטשעט אין דער שטיל: גאָט איז דערלייזער,
פאַר פּידיען אַ ביסל און אַ ביסעלע קניען, וועט האַר זיך
איבערבעטן...

די ווענט פון דער שטאָט בוענאָס אײַרעס — מעכטיקע שטאַמען,
וואָס שטייען פאַרגליווערט אין גאַסן, באַוואַקסן מיט גרויקייט און
שווערע,
און האָך, דערהייט צו זיי געוויינען פון קינדער און קרעכצן פון
מאַמעס
ווי אַ האָגל קלאַפּן די „פאַרוואָסן" און זיי הערן:
„מיר האָבן געבויט און געטאָקט, געהובלט, געוועבט,
פאַרוואָסזשע אין די טפיסעס שנײַדן אונדזער לײַב ווי מיט מעסערס
טאָרטורער? —
פאַרוואָס הערשט דאָ דער שטיוול? פאַרוואָס הערשט דאָ די
שווערד? — —
און עס יאָגן זיך פײַנטלעכע דעקרעטן ווי צעיושעטע שטורעמס".

די ווענט פון דער שטאָט בוענאָס איַירעס. דערהערן דעם שפּאַן
פון פּיס,
ווי עס הערט דער הימל אין טיפן באַגין, די ווונדער־טריט פון
קאַיאַר:
זיי עפענען ברייט די שטיינערנע, צעמענטענע, שטאָלענע אָרעמס:
קלעפּן אָן די פּלאַקאַטן, וואָס זאָלן אַ רעדט טאָן מיט צעברויזן
געפילים
און אין לויף פון עם טאָג, איבער גאַסן און געסלעך, איבער טאָלן
און בערג,
זיי שפּאַנען, מיט פּענער און פּלאַטער, מיט ליכטיקע שטאַנדאַרטן:
זייער קאָל ווערט פון אַלעמען מיט ליבשאַפט געהערט —
עס גייט אויף ווי די זון, די צוקונפט אין דערוואַרטונג.

די ווענט פון דער שטאָט בוענאָס איַירעס, שוימען מיט לאָזונגען
שאַרפע,
ווי כוואַליעס פון שטורעם געיאָגט אין אָפן צעברויזטן יאַם:
גיב אונדז אַפּ אונדזער ברויט! קער אום די פּירער — פאַרשיקטע!
אין הערצער צינדט אָן זיך דער פּיַין ווי אַ מעכטיקער פלאַם.
זיי שטייען מיט ביַיליקע פּויסטן, אַ ווידער־קאָל האָט זיך צערווישט
אַלע אַוולעס קעגן אונדז, ווי שטיינער אַצינדער קלייבט!
אַף פּליגלען פון ווינט, מאָנונגען טראָגן זיך צעברויזט,
און זינגען: „אָ ווי לאַנג, אָ ווי לאַנג, וועט איר שקלאַפּן פאַרבליַיבן!"

# צו פּאַטריס לומומבאַ

אין דיר האָט דער צאָרן פון פאָלק געברויזט,
ווי אַ כוואַליק געררויש,
אין צעשטורעמט געיעג, אין אָפענעם יאַם;
אין דיר האָט דער האַס פון פאָלק —
צו רויבער, צו שענדער, צו קוילער,
וואָס האָבן מיט כאַיעשע לאַפּעם געשטיקט —
דורך פינצטערע וואָלקנס אויפגעבליצט,
דעם בלײַאיקן הימל צעשניטן,
די שרעק פון באַגנעט אין די הענט פון די ווײַסע צעפּיצלט,
און מיט דײַן דונערדיק וואָרט
האָסט צעבראָקלט די קייטן פון שקלאַפערײַ,
וואָס האָבן דוירעם לאַנג געקלעמט
די פאַרשוואַרצטע מענטשן, אַף דער אַפריקאַנער ערד.
אין דיר האָבן סטרונעס פון פידלען
אויסגעזונגען צום פאָלק,
די צאַרטסטע הימנען;
הימנען פון פרײַהייט;
פון אַ באַפרײַטער אַפריקע,
אַן אויפגייענדיקער ווי די זון,
וואָס וועט אָפן קייווער פון יעדן פאַרפּײַניקטן זון,
פון יעדן מאַרטירער,
אויפשטעלן פון שטראַלן אַ מאָנומענט;
אין דיר האָבן געזונגען אָראַטאָריעס

פון אַרבעטער-כאָרן,
אַף דער מאַמע-לאָשנדיקער שפּראַך,
בראָנדזיקע געזאַנגען —
וואָס טײַנען,
דערמאָנען און מאָנען,
פאַר אַלע לײַדן און פּײַנען,
פאַר אַלע בושעם — — —
די טײַנוגים פון הערשער,
וואָס האָבן פאַרכאַפּט אײַער ערד
און אײַך געוואָרפן אין טהאָמען;
אין דיר האָבן געזונגען,
פריילעך-שפּילנדיקע, טאַנצנדיקע לידער
פון קינדערלעך זאַטע,
וואָס ווערן ניט געטראָטן, ווי אַמאָל זייערע טאַטעס,
ניט באַליידיקט ווי די מאַמעס,
פון די יענקישע, ענגלישע
און בעלגישע מערדער-האַרן;
אין דיר האָבן געזונגען ניגונים
פון רווישיקע, ברוויזיקע דזשאַז-אָרקעסטערס,
אַף כאַסענעס פון זין און טעכטער
באַפרײַטע פון בעלגישן הונדערט-יאָריקן יאָך;
ווי נאָך אַ שטורעם — דער קאָלירנדיקער רעגנבויגן,
האָבן זיי אַ לויטערן אָנזאָג געהערט
פון אַ נײַעם טאָג,
אַקוראַט און קלאָר
און זיי האָבן זיך צעקושט מיט קאַיאָר;
אין דיר האָבן געזונגען ניגונים,
פון מאַמעס יונגע,
וואָס פאַרוויגן זייערע קינדער, מיט לידעלעך צאַרטע,
מיט טויאיקע טרערן פון פרייד,
מיט ווונטשן, וואָס טאַנצן און שפּילן
ווי זוניקע שטראַלן שטילערהייט;
אין דיר האָט געפלאַמט די מערידע פון דער יוגנט,
וואָס ראַנגלט זיך מיט פעלדזיקער קראַפט,

מיט גליאיקן צאָרן,
אַף די טרעפ — — —
ווו פאַרוווּנדעט, בלוטיקט די געגאַרטע פרײַהייט;
אין דיר האָבן געזונגען די קלאַנגען פון געראַנגלען
און די געזאַנגען פון ניצאָכן.

לומומבאַ — טויט!
אַ געבונדענער אין שטריק,
האָבן די מאָבוטו-טשאָמבעס — — —
די פינצטערע דינער
פון די קוילער-יונגען אין ווײַסע הענטשקעס,
באַזיגט דײַן גוף,
אויסגעלאָשן דײַן מונטער קאָל,
צעטראָטן דײַן ליכטיק האַרץ,
וואָס האָט מיט פונקען געשפּריצט
אַף דער ערד פון דער שוואַרצער אַפריקע;
„פון פונקען אַ פײַער, פון פײַער אַ פלאַם"
גייט אויף די זון אַ צעגאָסענע ווי דער יאַם
און אַפן מאסט, אַ געשטאָלטן פון פויסטן,
פלאַטערט די פאָן,
פון דײַנע לעבעדיקע טרוימען.

לומומבאַ — טויט!
דײַן קאָל דונערט אַף דער גאַנצער אַפריקאַנער ערד:
— אַפריקע פון קייטן צעריסן — דערוואַך!
מיליאָנען דונערדיקע קוילעס שאַלן:
— אַף דער וואַך! אַף דער וואַך!
מיר גייען! מיר הערן! מיר שווערן!
אין שטעט, אין וועלדער, אין פעלדער,
רוישט דער געוויטער פון שלאַכט —
די פאַרפּײַניקטע אַפריקע, האָט אַף אייביק דערוואַכט!

# דער מענטש און רוים

דורך טויזנטער דוירעס,
האָבן מענטשן אַף הונדערטער לעשוינעס,
געשעפטשעט צום הימל,
מיט אַ קלויסטער - ניגן,
מיט אַ בעסמעדרעש-ניגן,
אין דער אומענדלעכקייט זיי האָבן יעהאָוואַן געזוכט —
און האָבן דורך שעקער און ליגן,
געפונען אַ גאָט,
אַ גאָט וואָס פאַרשטעלט
דעם עמעס אַף דער ערד...

ס'האָט געדאַוונט מײַן זיידע אַלע טאָג,
ער האָט נאָכגעזאָגט דעם זאָג פון זײַן זיידן:
„דער הימל, דער הימל, געהערט צו גאָט
און צום מענטשן די ערד געהערט”.
נאָר אויך די ערד,
האָבן גאָטס שליכים — די פריצים, פאַרכאַפּט
דאָס פאָלק פאַרשקלאַפּט,
מיט שפינוועבס די אויגן פאַרקלעפּט,
און מיט קלויסטער-גלאָקן
און מיט שויפער-בלאָזן,
פאַרטויבט, דעם סייכל צעשטויבט,
אין שעפסן פאַרוואַנדלט דאָס פאָלק,
פון פאַסטוכער פרומע געהיט און געטריבן,
שטיל זיי געקייטלט אין ליגנס,
און זיי האָבן געשוויגן... זיי האָבן געשוויגן..

„דער הימל, דער הימל געהערט צו גאָט
און צום מענטשן די ערד געהערט"
נאָר ס'האָט גאָט ניט געשטערט
אַז די וואָס באַאַרבעטן שווער די ערד
זאָלן ווערן פאַרשטויסן, פון באַזיצער פון שווערד,
און ס'האָט גאָט ניט געהערט
זייער געשריי, זייער געוויין,
זייער טרויער און צאַאַר.
גאָט האָט דעם הימל מיט וואָלקנס פאַרשפּאַרט,
גאָט האָט געשוויגן ווי אַ באַרג
וועלכער קוקט מיט פאַרריסענער רישעס
צום גרינעם טאָל...

„דער הימל, דער הימל געהערט צו גאָט"
נאָר דער מענטש וואָס האָט
די קייטן פון ליגנס צעריסן,
האָט אַ לייטער צום הימל געמאַכט,
צו דער הימלישער וועלט,
צום קאָסמאָס,

שטאַפּל נאָך שטאַפּל
איז ער געגאַנגען די סודעס אַנטדעקן,
די צווימען וואָס זײַנען געווען צעשטעלט.
דורך פינצטערע רייד:
פאַר פאָרשן — קומט טויט
פאַר פרעגן — פאַרברענען!
און פאַר „ליבראָרום פּראָהיביטאָרום"
קומט שייטער-הויפן און כײרעם.

זײַט געגריסט:
אַריסטאָטעלעס, גאַליליי, ניוטאָן, קאָפּערניק;
זשיאָרדאַנאָ ברונאָ
דער געשמידטער אין קייטן
וועלכער האָט אין די פלאַמען
פון די קלויסטערשע באַרבאַרן

געזען ווי די וויסנשאַפט וועט די הימלען צעשפּאַרן.
און ס׳וואָלטן די שייטערס געברענט און געסאַרפּעט,
די זשיאָרדאַנאָ ברונאָס
די נײַע גאַליליים,
ווען ס׳וואָלט ניט דער פינפעקיקער שטערן,
באַלויכטן דעם גאַנג,
דעם גאַנג דעם שווערן,
פאַר מיליאָנען ברונאָס,
וואָס האָבן די קייטן, אַף שטענדיק צעריסן,
און מער ניט געשוויגן!
און מער ניט געשוויגן!

„דער הימל, דער הימל, געהערט ניט צו גאָט"
אַזוי האָט אים יורי גאַגאַרין געזאָגט:
אין נאָמען פון גאַליליי
אין נאָמען פון ברונאָן
אין נאָמען פון הונדערטער מיליאָנען ווי זיי;
אין נאָמען פון מאַרקס! אין נאָמען פון לענין:
דעם הימל גיב אָפּ!
נאַרישער גאָט!
דער הימל געהערט צו דעם מענטש פון דער ערד!
קריך אַראָפּ!
קריך אַראָפּ!
אָט טראָג איך די פאָן מיטן האַמער און סערפּ,
דער הימל און ערד צו די מענטשן געהערט,
צו די מענטשן וואָס בויען אַ לייטער צום הימל,
אַ לויטערע וועלט
פון זון און שטערן
און פאַרויס דער פינפעקיקער רויטער שטערן!

# באַם דענקמאָל פֿון נאָרענאָן

איך שטיי באַ דײַן דענקמאָל — אַן אײַנגעוואַקסן שטיין
אַף אַ געפּליאַסטערטע גאַס; אַ געדטנדל אַ קליינס,
פֿאַרוויאַנעטע גראָז,
דײַן בליק איז פֿאַרהאַרטעט, פֿאַרקלעמטע די ציין,
מיר דאַכט, דאָס אָרט וועסט באַלד, מיט מערידע פֿאַרלאָזן,
וועסט אַ שפּאַן טאָן צום פֿאָלק, ווי צום אָפּגרונט — אַ שטראָם,
קעדיי צו געפֿינען די קראַפֿט פֿון דעם שטאָם,
און דו וועסט זיך דערוויסן, אַז צום טויזנטסטן מאָל
האָט דײַן וואָרט, אַ דערשטיקסט, זיך נאָך העלער צעפֿלאַמט.

איז ווער האָט דערשטיקט? — וועסט זיך וועלן דערוויסן,
די רעוואָלוציע פֿון מײַ איז אין קייטן געקייטלט?

— ניט קיין בליצן האָבן דעם הימל צעשניטן,
די ערד, די פֿאַרזייטע, מיט רוגזע געטרייסלט.
איז ווער האָט דערשטיקט? — וועסט זיך וועלן דערהויסן
דעם פּורפּורענעם גלי פֿון די מײַיִקע טרוימען?...
ס׳האָבן יענקים אונדז די פֿרײַהייט פֿאַרצוימט.
~~ס׳האָבן~~ יענקים אונדז די פֿרײַהייט ~~פֿאַרצוימט~~. גערויבט

איז ווער האָט דערוואַכט? — וועסט זיך וועלן דערוויסן
צי איז ניט אַ טרוימער געווען אין יאָרהונדערט? — — — —

נאָר עס וועט דיר אַ העל טאָן פֿון פֿאָלק דאָס געוויסן
און דו פֿון זײַן לויטערקייט, וועסט ווערן פֿאַרוואונדערט!

*) איינער פֿון די בויער פֿון דער אַרגענטינער אומאָפּהענגיקייט.

דו ווּעסט זיך דערוויסן און דו ווּעסט דערזען:
דאָס פאָלק פון מײַ — אין געראויש פון כוואַליעס;
עס איז דאָ אַלבערדי און סאַרמיענטאָ געווען...*)
די יוגנט — אין שלאַכט גייט, פאַר מײַ־אידעאַלן!

*) אַלבערדי און סאַרמיענטאָ, צוויי שפּעטערדיקע בויער פון אַר־גענטינער אומאָפּהענגיקייט.

# די געטאָ־וואַנט

די נאַציס האָבן אויפגעשטעלט אַ געטאָ־וואַנט —
פון שטעכיקע דראָטן,
פון באַגנעטישע באַפעלן,
פון דראָענדיקע פאַרזאָגן,
פון הונגער,
פון שפּאָט,
פון גילע לאַטעס,
פון סינע,
פון האַס,
פון שלאַנגען־גיפט,
פון טיגערישן קאַס,
פון רעציכע,
פון מאָרד,
פון ודענראַטלערישן פאַרראַט,
פון טויט!
און האָבן פאַרשטעלט פאַר ייִדן די וועלט,
און האָבן די זון פאַר ייִדן פאַרצוימט;
די נאַציס האָבן אויפגעבויט אַ געטאָ־וואַנט —
אַ גיגאַנט
פון יאָרטויזנטער געפאַלנקייט און שאַנד,
וואָס זאָל מיט איר כאַשכעס פאַרשטעלן,
פאַרשמוצן, פאַרלעשן,
דאָס ליכט פון די נעוויאים;
פון סאָקראַטעס און דזשאָרדאַנאָ ברונאָ;

פון שפינאָזאַ און שעקספּיר ;
פון מאַרקס און לענין ;
געטע און טאָלסטאָי.
אַ וועלפּיש   געוואָי,
האָט פאַרשריגן
די צאַרטע טענער פון פּאַגאַנינין ;
הײַנעס לויטער און כאַכמעדיק געזאַנג ;
די מעלאָדיעס פון פרייד און טרויער,
וואָס יאַשקע מוזיקאַנט
האָט אַף אָרימע כאַסענעס אויסגעשפּילט
און דאָס פאָלק האָט אויסגעטאַנצט...

די נאַציס האָבן אויפגעשטעלט אַ געטאָ-וואַנט —
אַ טפיסע פאַר מײַן געפּײַניקטן פאָלק,
אַן עקזעקוציע - וואַנט,
צו מאָרדן דעם זייכער פון פאַרגאַנגענע דורעס
און אין בלוט און אין טרערן,
דערטרינקען די פּערל :
די יוגנט !
די קינדער !
די קינדער !
די נאַציס האָבן אויפגעשטעלט אַ געטאָ - וואַנט — — — —
נאָר הינטער דער וואַנט,
האָט דער דאָר,
פון ערשט-מײַיִקע שלאַכטן
און אָקטאָבערשן זיג,
געגראָבן אַ קאָרידאָר,
צו פעלקער-ברידער פון „טשערוואָני שטאַנדאַר",
צו רויטאַרמייישע פּאַרטיזאַנער.
וואָס האָט געווירט מיט קראַפט
פון סטאַלינגראַדער זיגערישע שלאַכטן.
מיט פאַרמעסטן וואָס האָבן געררוישט
מיט כוואַליעדיקן שוים
און האָבן דעם סוינעס נאָרעס צעשטערט,

און בריקן פון פרײַהייט געבויט,
האָט די שלאַכט זיך צעפלאַקערט:
אַ קאָלאָס אַ ברוויזיקער, אַ מעכטיקע לאַווע,
האָט צעשמעלצט:
דעם בלוטיקן האַקנקרייץ
און די יונקערישע גײַווע־מאַכט,
וואָס האָט געגאַרט,
אַנטאָן אַ צוואַנג־העמד דער וועלט,
פון כווישעך און נאַכט.

די נאַציס האָבן אויפגעשטעלט אַ געטאָ־וואַנט — — — —
וואָס ליגט פון די קאַמפן צעשטערט,
פון די זיגן צעאַקערט,
צעשטויבט פון דעם צאָרן
פאַרן געשאָכטענעם פאָלק — — —
און ס׳שפּאַנט איבער איר אַ באַפרײַטער פון יאָכן
דער דאָר פון ערשט־מײַיִקע שלאַכטן
און אָקטאָבערשן ניצאָכן!

# צום טאַליען איינמאַן

. . . אויך טאַליען,
— דו מעשוגענע קאַנאַליע —
דו!
איז ניט דאָס פולע וואָרט,
וואָס דײַן גרויזאַמקייט דריקט אויס,
דײַן הענקעריש פּאָנים!
אויך ניט שפּין,
ניט קרעציקער הונט,
ניט טיגער ניט וואָלף,
ניט גיפטיקע שלאַנג, ניט שאַקאַל!
די כאַיעס טויטן זייער קאָרבן
און פרעסן אים אויף!
און דו? — האָסט געטאַנצט,
טאַנצנדיק האַסטו דעם טויט געזייט,
דורך קוילן, גאַז,
דורך סקילע, סרייפע, הערעג, וועכענעק;
שפּאַלטנדיק קינדערישע קעפּלעך אין ווענט,
האָסטו געטויט מיט גליווערדיקן צאָרן,
און דײַנע ראָצכישע יונגען,
האָבן זיך געפרייט,
ווען בלוט פון מײַן פאָלק האָט טײַכנווײַז געפלייצט;
ווען קוילעס פון מאַמעס זיינען צו הימלען געגאַנגען,
ניט דערגאַנגען,
און זײַנען אין רויכן איבער הימלען צעגאַנגען.

האָסט געבּרענט און געסאַרפּעט,
קאָלעס און כאַסאַנים,
האָסט גענאַרט
מיט דער הילף פון דײַנע טעװטאָנישע באַפעלן,
בלויז אַ טײַװל קען אַזוי זיך פאַרשטעלן,
און אַ צוויי־פּיסיקער בּעסטיע
האָגלען מיט טויט, פון פאַרװאָלקנטע הימלען

דער ווײ־געשריי פון דערהאַרגעטע זעקס מיליאָן,
וועט קיינמאָל ניט אויפהערן צו שטורעמען די וועלט!
ווי כוואַליעס אין גלות, ברויזיק צעשוימטע,
וועלן די געשרייען זיך באַנײַען:
פאַרוואָס?!
— פאַרוואָס האָסטו מערדער די קינדער צעשאָכטן?!
מאַטראַצן געמאַכט פון שוואַרצע, ברונעטע און בּלאָנדע לאָקן,
און פינקלדיקע אויגן גרויזאַם פאַרלאָשן;
פאַרוואָס האָסטו מאַמעס און טאַטעס פאַרגאַזט?!
האָסט אין אָפּגרונט פון פײַן געוואָרפן מײַן פאָלק,
אַ פאַרקלעמטס פון לײַדן,
פאַרייעשט פון צאַר — — —
ס׳האָבן זקיינים געפרעגט:
פאַרוואָס אַזאַ גזאר?
וועט מענטשלעכקייט דעם מענטש ניט באַשיצן?
און ס׳האָבן האַקנקרייצלער־באַראַבאַנען — באַפוילן:
פאַרגאַזן! פאַרברענען! צעשיסן!

אין די פינצטערע יאָרן פון דײַנע זיגן,
ווען דער טויט האָט מאַרשירט מיט גענדזן־טריט —
פאַרגליווערט פון טרויער,
מיר האָבן ניט געשוויגן,
מיר האָבן געהערט דאָס געוויין פון פאַרפּײַניקטע הערצער
וואָס זײַנען געקומען פון מאַסן־קוואָרים —
טויזנטער אַזעלכע אַף דער ערד פון ראַטנפאַרבאַנד און פוילן!
נאָר אָט האָט זיך באַוויזן דער רעגנבויגן,

אין געשטאַלט פון סטאַלינגראַדער ניצאָכן,
פון דער מעכטיקער געטאָ־מערידע,
אין דער פּאַרפּייניקטער וואַרשע
זיי האָבן פאַרפלאַנצט פון קאַמף, — דעם ביטאָכן,
דאָס געזאַנג: „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"

אין רויש פון צעשטורעמטע טעג,
האָט די רויטע אַרמיי, אין יעדן ניצאָכנדיקן שפּאַן
געהאַמערט איבער נאַצישע קעפּ:
צאָל מערדער! באַצאָל!
און אין אונדז, אַרייַנגעהויכט דאָס געזאַנג:
„זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"
אָט דאָס געשאַל,
אַ געהאַמערטס פון הערצער־מעטאַל
טראָגט זיך איבער לענדער און שטעט
איבער אַלע קאָנטינענטן פון דער וועלט:
מערדער:
צום מישפּעט קום!
צאָל! באַצאָל!
ייִדיש פאָלק:
„זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!"

# די באַלאַדע װעגן כוליאַן גרימאַו

**מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער שפּאַנישער קאָמפּאַרטײ).**

מײַ פרילינג אין מאַדריד און די פּאַלמעס גרינען.
מיט פײַכטן דאָרשט און רעגן, זײ קוקן צו אַ װאָלקן־שפּײַן,
פון בליקן פאַרהאַרטעװעט. דער פײַער שפּריצט.
און מענטשן, מענטשן שפּאַנען, אין דער גרױקײט פון באַגינען,

די מאַסע גײט. זי פילט אָן דעם סקװער. „די רעפּובליק".
אין פול זײנען מיט מענטשן די גאַסן אױך אַרום ;
אַף באַלקאָנען קינדער קלײנע זיך צו מאַמעס טוליען,
ס'הערט העכער אַלין און רױשיקער דאָס געברום.

און אָט איז צוגעגרײט און באַפּוצט די טריבונע,
פענער פלאַטערן, צעװײיעטע און בלענדיק.
— פון אַלע שלאַכטן, איז די לעצטע שױן געקומען,
מיר זײנען דאָ און װעלן דאָ זײַן אַף שטענדיק.

דער רעדנער רעדט. דער מאָנומענט װערט אַנטהילט,
כוליאַן גרימאַו דערשײַנט ליכטיק און צעשטראַלט ;
די מאַסע דונערט. ער װאָלט זי אײַנגעשטילט,
אַראָפּגײן דאַכט זיך װיל ער פון דעם פּיעדעסטאַל

כוליאַן גרימאַו שװײַגט. פראַנקאָס הענקער ט'ערשט ניט לאַנג,
מיט מאַשין־געװער, זײַן שאַרבן, אין קאַיאָר צעלעכערט,

נאָר אָט הילכט אַ ליד פון קאַמף. אַ פלאַמיקער געזאַנג,
מישט זיך אויס מיט קינדער־פרייד. ווערט פון זון נאָך העכער.

פאַרנאַכט, ווען קינדער זײַנען פול אין פאַרק, פריידיקע,
צעשטראַלטע,
דאַכט זיך זיי: כוליאַן גרימאַו גייט אַראָפּ. ער וויל אַ מײַסעלע
פאַרטרויען;
ווערן ביימער שטיל. שטערן ווילן זיך פאַרהאַלטן.
די קינדער הערן און די הימלען בלויען. .

# אַפּן סקווער „אַנסע״

אַפּן סקווער „אַנסע״. לעם קאַלטן ריוואָדאַוויאַ-מאָנומענט.
זיצט אַ מענטש, זײַן ברוינער פּאָנים — ווי אַ שטיק אַלטע מעש.
נאָר די אויגן ברענען און ער פּלאָנטערט מיט די הענט;
ער וויל זײַן עלנט ניט דערקענען, דעם טרויער, ווי אַ ליכט
ער לעשט.

— אַזוי פיל קויעך ברויזט אין מיר, כאַטש נעם און גיב אַ שלײַדער.
און זאָל אַלץ זיך דאָ צעפּיצלען און צעבראַזגען ווי גלאָז — — —
ער הויבט זיך אויף פון מאָנומענט, ער ווערט דערווײַטערט
פון די פאַרוויאַנעטע, צעטראָטענע, פאַרגעלטע גראָז.

ער גייט און שפּאַנט אַפּן ברייטן סקווער פאַרלאָרן.
ער קערט זיך אום, גייט צוריק און בלײַבט אין פּאַכעד שטיין:
איז ווו? און וואָס וועט ער ווײַב און קינדער זאָגן?
אַז אַרבעט האָט ער ניט און איז פאַרמאַטערט שוין פון גיין!

נאָר פלוצלינג האָט אַ ווינט אין אָנלויף, געגעבן אים אַ ציפּ,
ער איז שטיין געבליבן, ווי ער וואָלט איצט אַרויס פון פּלאָנטער:
— איז עס ניט דער ווינט, וואָס פלעגט אין פעלדער זיך געבן
אַ צעשטיף
ווען איך פלעג רײַטן אין גאַלאָפּ אַף גרינע לאָנקעס?

נאָר איצטער ליגט די ערד, אַ וויסטע דאָרט פאַרקלעמט.
דער פאָרעץ האָט מײַן היים צעשטערט און מיך צעטראָטן;
עס האָט אַ שוויים אַ קאַלטער דורכגענומען זײַן צעריסן העמד.
און ס׳האָט דער האַס אין אים געברענט, אין אים געזאָטן.

# מיט אָפֿענע אויגן קעגן שטויב און שטורעם

מ. זאַקינען

אונדזער דאָר איז דורך טאָלן און זומפּן געגאַנגען,
פֿון פֿיבער געטרייסלט, געפֿאַנגען פֿון שרעק —
נאָר ס'האָט זײַן לאַמטערן ניט געצאַנקט, אויסגעגאַנגען,
כאָטש פֿון שטורעם געטרייסלט, פֿון שטויב זי באַדעקט;
אונדזער דאָר האָט דורך טאָלן, אַף בערג־קייט געקלעטערט,
צו אָנצינדן קאַיאָר מיט די אייגענע הענט,
ניט איינמאָל געפֿאַלן און געוואָרן צעשמעטערט
נאָר ער האָט פֿון כורוועס אויפֿגעבויט ווענט;
אונדזער דאָר איז דורך טאָלן און זומפּן געגאַנגען,
און דעם וועג באַלויכטן, מיט לויטערסטע געזאַנגען.

מיט פֿלייצעס ווי קאָוואַדלעס, מיט האַמערדיקע הענט,
די רעלסן פֿון געשיכטע מיר האָבן צעשמאָלצן,
אַן אויסגענאָגטע, זי ראַנגלט זיך, די אַלטע וועלט,
כאָטש זי גייט איר גאַנג נאָך, ווי אַ הויקער אַף שטאָלצן.
מיט אָפֿענע אויגן, ווי ליכט־סיגנאַלן פֿון אַ שיף,
מיר קוקן זיך איבער פֿון לענדער און קאָנטינענטן,
אונדזער דאָר איז ווי דער יאַם, ברויזיק און טיף
מיט אונדזער קראַפֿט מיר וועלן די רוימען באַהערשן.
אונדזער דאָר האָט פֿעלזן און געטער צעשמעטערט,
אַפֿן רוקן פֿון וויסנשאַפֿט האָט ער געקלעטערט

מיט אָפֿענע אויגן קעגן שטויב און שטורעם,
לאָמיר זײַן די וועכטער פֿון לויטערסטן טורעם.

# דאָס יִנגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ

א קליין שוכפוצער פון סאַנטאָ דאָמינגאָ, איז ניט ווילנדיק דערשאָסן געוואָרן לעם דער אַמבאַסאַדע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, דורך יענקישע מאַרינער.

פון די צײַטונגען

אין אַ ווינקל פון דער בלעכענער כאַטקע,
פאַרוואָרלאָזט און נאַקעט,
האָט געשוויגן אין שטילקייט און פּאַכעד,
ווי א צעבראָכענע פלאַש — די פּילקע
פון סוסאַנאַס יִנגל —
דאָס יִנגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ;

אַף דעם שטיינערנעם דיל פון דער בלעכענער כאַטקע,
ט'זיך געוואַלגערט ווי שאָלעכץ,
דאָס קעסטל, דאָס בערשטל, דער שוואַקס
פון סוסאַנאַס יִנגל, —
דאָס יִנגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ;

אַפן שטול דעם דרײַפיסיקן, אָנגעשפּאַרט אין וואַנט,
איז געהאנגען אַ מאַלבעש פון שוואַרצע געוואַנט,
וואָס געווײנט האָט, געצאַפּלט, דורכן מויל פונעם אַרבל
פון סוסאַנאַס יִנגל, —
דאָס יִנגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ;

אַף אַ צעפּאָרן טישל, וואָס געדענקט אויך פרייד,
האָט אַ העפט מיט אַ ביכל געוואַרט שטילערהייד,
ס'זאָל קומען סוסאַנאַס יינגל —
דאָס יינגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ;
נאָר ער איז ניט געקומען!
ער איז ניט געקומען!

מ'האָט אין שפּיטאָל אים טייקעף גענומען,
די קויל האָט צעלעכערט זיין האַלדז און זיין גומען,
פון מויל האָבן ריטשקעלעך רויטע גערונען,
די צאַרטקייט פון פּאָנעם, צעטראָטן ווי בלומען,
ווי צווייַגעלעך מילדע געטראָגן פון שטורעם,
געטראָגן, פאַרטראָגן, קיין זייכער זאָל בלייבן
פון סוסאַנאַס יינגל, —
דאָס יינגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ;

אַלאָ! אַלאָ! וואַשינגטאָן רעדט:
אין סאַנטאָ דאָמינגאָ איז אַלץ ווי געווען,
רואיק און שטיל,
בלויז אַ קליין אינצידענט:
אַ יינגל, אַ קנוריק,
אין גאַס דאָרט געפונען,
ניט ווייַט פון אַריינגאַנג פון זיין עקסעלענץ:
מיסטער דזשאָן אַרטור — דער אַמבאַסאַדאָר.
גענעראַל לאַדזשע
אַדמיראַל בווירטש,
געסט געהויבענע, גרויסע:
מיט זייערע דאַמען,
געקומען זיינען בירגער פון יונייטעד סטייט
ווי גראד אַ יאָנטעוו אַ גרויסן ט'מען געפראַוועט,
און דאָ, אַ יינגל, אַ האָזע
פון אַ שלעפּער, אַ ניוועזע,
וואָס שיך און שטיוול פּוצט —
ס'האָבן די סאָלדאַטן שפּאַסן געוואָלט,

צי וועלן זיי טרעפן אין יִנגלס מויל,
דורך אויסשיכן בלויז איין־איינציק קויל — — — —
זיי האָבן געטראָפן.
דערנאָך דעם פּאַל, העפּלעך באַדויערט...
מיילע, פּאַרפּאַלן.
מיטן יִנגל סוסאַנאַס,
וועט ווינציקער זײַן אַ יִנגל אין סאַנטאָ דאָמינגאָ.
דעראָך האָט דער ראַדיאָ געשפּילט אַ דזשאַז:
אַ שטראָם פון פרעכע רייד,
טשאַד,
קוילעס שיקערע אין ווילדן געבראַזג,
פרייד פון הולטײַעב האָס צעוואַלגערן די גאַס.

פון יִנגעלעס אויגן, פאַרגליווערט און אָפן,
שלייכט זיך אַ באָרוועסער שושקען:
געמיינט, כ'וועל עפּעס פאַרדינען,
אַף באַנאַנעס אַ פּאָר, אַ טוץ מאַנדאַרינעס;
באַנאַנעס דער מאַמען,
מאַנדאַרינעס — די ברידער;
די שטילקייט ווערט שטילער,
דאָס שווײַגן פאַרגייט,
די לעוואָנע אין וואָלקנס,
ווערט אין כאַלאַל פאַרפאַלן.
אַ ווינט צעטראָגט אַ טיפן געיאָמער:
פאַרוואָס ? !
פאַרוואָס ? !
ער האָגלט מיט שאַרפע, מיט שפּיציקע טשוועקעס:
פאַרוואָס ? !
פאַרוואָס ? !
פאַרוואָס האָט מען דערשאָסן,
סוסאַנאַס יִנגל פון סאַנטאָ דאָמינגאָ.

עס שווײַגן די ווענט פון דער בלעכענער כאַטקע,
ס'פאַרבײַסן די ליפּן די קליינינקע פענצטער,

דורך וועלכע דאָס ייִנגל פלעגט בענקען און שמאַכטן:
צו צווײַגעלעך גרינע,
צו טעג פון פרילינג.
אַף אַ טאַפּטשאַן אַ הארטן, ליגט ער אַצינדער,
ס׳בלוט אַף די ליפּן איז געוואָרן פאַרגליווערט,
לעם אים זײַן מאַמע,
די ברידערלעך אַלע,
די שכיינים וואָס האָבן דעם ייִנגל געכאָוועט,
ווען וועש איז די מאַמע געגאַנגען וואַשן,
דאָס שטיקעלע ברויט פאַרדינען,
נאָכן טויט פון טאַטן.

ס׳איז שטיל אין דער כאַטקע,
די מאַמע סוסאַנאַ וויינט,
ס׳וויינען די ווענט,
דער הימל דער גרויער,
וואָס שטייט איצט פאַרבלוטיקט,
אים ווילט זיך פאַר קאָס, די ערד פאַרפלייצן.

די מאַמע סוסאַנאַ וויינט:
גיי כ׳האָב געזאָגט צום קליינטשיקן ייִנגל,
ווו די מאַרינערס שוויבלען און גריבלען,
זיי וועלן מײַן קינד, דיך זיכער ניט טשעפּען,
ווען זיי די שטיוול אַ ביסעלע פּוצן,
ניט קוק אין זייערע ראָסטיקע אויגן,
מאַטבייעס אַ פּאָר, בעט זיי דערפאַר,
זיי וועלן מײַן קינד, דיך זיכער ניט טשעפּען,
אַ וואָרף טאָן אין פּאָנים זיי וועלן מיסטאַמע,
אַ ניקל צי צוויי,
זיך הילכיק צעלאַכן,
זאָלסט קינד מײַנס פאַרשווײַגן,
פאַרשווײַג זיי דערוויַיל,
איך וועל דיר אַ זופּ מיט קליסקעלעך מאַכן,

פאַר דיר און די ברידערלעך קליינע,
איר וועט אַלע עסן,
איר וועט אַלע לאַכן.
די שטיינער פון די גאַסן אין סאַנטאָ דאָמינגאָ
האָבן געוויינט;
די בערג וואָס שטייען ווי וועכטער בראַוו,
האָבן געגרוילט;
טרערן פון הימל האָבן געקלאַפּט אין בלעכענעם דאַך,
זיך צעגאָסן אַף שויבן;
ס׳האָבן אין טרויער געוואָרקעט דעם יינגעלעס טויבן:
די מאַמע סוסאַנאַ פון סאַנטאָ דאָמינגאָ,
האָט מיט שטילע שטאָלענע ווערטער געשווירן:
איך וועל ניט שווייַגן!
איך וועל ניט שווייַגן!
צעצונדענער שטורעם האָט אין אויגן געפלאַמט,
צו שלאַכטן פון. מאָרגן ער האָט זיך געטראָגן,
אין סאַנטאָ דאָמינגאָ,
פאַר אַ מאָרגן פון שאָלעם!
פאַר מאָרגן פון פרייַהייט!

# אין נעגל פון פּאַשיזם

1

די פינצטערע צײַט, די פינצטערע צײַט,
ווי טויזנטער קראָען זי קראַקעט און שרײַט,
ווי וואָלקנס שווערע זי נידערט אַראָפּ,
ווו נאָר אַ שײַן — ווערט מיט כווישעך פאַרשטאָפּט;
ווי אין צוואַנגען דעם הימל זי קלאַמערט צונויף,
שטיקט אים זײַן קאַרק און דריקט אים אַראָפּ — — —
די פינצטערע צײַט, די פינצטערע צײַט,
פאַר איר וועל איך קיינמאָל ניט בייגן מײַן קאָפּ!
איך וועל ניט אַנטלויפן פון פּאַכעד געיאָגט!
מיט וואָרט און מיט פויסט, אַף דער וואַך וועל איך זײַן
אין דער פינצטערער צײַט, אין דער פינצטערער צײַט,
ווען צעשטערט ווערט אַלץ, וואָס מיר האָבן געבויט.

2

צי בין איך דער לעצטער, אַ פעלדז אין פאַרגליווער,
אַן איינזאַמער טרעגער פון מײַן יידישן לאָשן?
אָט איז ער דער טהאָם — וועל איך אים אַריבער?
דער פאַקל וואָס פלאַמט, ווערט לאַנגזאַם פאַרלאָשן.
ס׳פאַרשווינדן די בערג, די אָדלערשע פליגל,
מײַן צאַאַר און מײַן אומרו, איך קען ניט פאַרדעקן.
כ׳האָב קיינמאָל געהויבן די הענט צום הימל,
כ׳וועל איצטער באַם סוינע קיין ראַכמים ניט בעטן.

וואָס נאָענט איז געווען, ווערט פאַרשווונדן און וויַט.
נאָר אָט איז מיַין זון און אָט איז מיַין טאָכטער!
עס וואָיעט דער שטורעם, מיַין קאָל ער פאַרשריַיט,
פון בענקשאַפט איך ווער אַף שטיקלעך צעבראָכן.
ס׳ברענגט מיר דער ווינט זייער רוף פון די וועגן,
— בליַיבט קינדער די גערטנער צו היטן די פלאָרע,
וואָס פאַרזייט האָבן ברידער מיט אומרו און שרעק,
מיט לויטער פון געוויסן, מיט ציטער פון נעשאָמע.

3

ניין, ניט „אַ גוטע נאַכט” פריַינט,
גוט־מאָרגן זאָג איך, מיט אַ קאָל אַ פעסטן!
די שליכעס וואָס דערפילט כ׳האָב היַינט,
דערוועקן מיך צו נאָך פאַרמעסטן.
דערצאָרנט איז דער סוינע און ער ברענט
פאַר קאַס, פאַרוואָס ער קען אונדז ניט באַזיגן.
מיר רופן הייך מיט מוט פון אַלע ווענט,
און ווערטער אונדזערע צעבייגן זיַינע שפּיזן.

# אויב דו זעסט אים גיין

ניין!
ניט וויין!
פון טרערן וועט דער הימל לויטערער ניט ווערן,
ער וועט ניט ווערן ריין.
זאָל דער רויך פון קרעמאַטאָריעס ניט פאַרשווינדן,
ניט צעגיין,
ווי אַן איידעס זאָל ער יאָרהונדערטער שוועבן
פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט.
דײַן פויסט פאַרקלעם,
און מיט דעם שאַרף פון אַ שפּיציק שטיין,
צעקײַל זײַן נאַציש פּאָנים,
האַק אַרויס פון אים די ציין,
נאָר ניט אין דער נאָרע זאָל ער
ווי אין 1945 גיין,
נאָר טויטן זאָלסטו אים,
אין גאַס, אין פעלד און אין זײַן אויסגעפּאַרבטער היים.

ניט וויין,
אויב דו זעסט אים גיין מיט גערינגס האַק,
מיט היטלערס מעשוגאַס,
מיט גיפטיקע רייד,
פון געבעלסן און שטרײַכער.

ניט ווייַן,
אויב נאָכאַמאָל
עס מושטירט זיך דער פּאַיאַץ,
אויב ווי אַ הונט ער וואָיעט און ער דראָעט,
אויב ער סקריפּעט; „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס!"
אויב ער קלאַפּט מיט זײַנע שטיוול אין בעהאָלע
אויב ער שפּריצט מיט קלאָלעס,
אויב דעם הימל וויל ער איַינטונקען אין נאַכט.
אַקשאָנעסדיק נעם אויף די שלאַכט!
איך און דו, מיר אַלע,
אַלע פעלקער-כוואַליעס
מיט געווערע און מיט ליכט
און מיט מאַכט.

ניט ווייַן,
אין שלאַכט אין דער לעצטער קעגן נאַציזם,
לאָמיר גייַן! לאָמיר גייַן!
מיט צעפּלאַטערטע נעקאָמע-פּענער
און אין געשמידטע פויסטן פון פעלקער-ברידער.

# אין שווערן גאַנג

אין טעג וואָס זעען אויס ווי רווישיקע יאַרידן,
ווען רייד ווי ווינטן הויבן אויף אַ שטויב;
און ווי פון שטורעם, וואָס טראָגט אין שוים מערידע,
בלעטער פאַלן און פאַלנדיק זיי טראָגן זיך אין רוים —
אין טעג אַזעלכע, אַ קוזשניע איז מיין האַרץ,
וואָס שמידט דאָס וואָרט, דאָס לויטערסטע פון גליאיק שטאָל,
מיט אויגן אָנגעצונדענע איך גיי, און מיין גאַנג איך שטאַרק
פון שווערן האַמערדיקן געזאַנג, איך הער דעם ווידערקאָל.

איז עס ניט אַמאָל די צאַרטע שטים פון מיין מאַמען,
וואָס האָט ווינטשעווסקים לידער געזונגען באַ דער ניי-מאַשין?...
עס פייפט דער ווינט, ער וויל אין לויף זיך ניט פאַרזאַמען,
ער ברענט און רייסט און וויל אַז קיינער זאָל דערקענען אים.
נאָר די ווערטער אירע, וואָס פלאַמען אַזוי ליכטיק, העל,
ער פאַרלעשט, און זיי צינדן זיך טייקעף ווידער אָן,
אַ שאָד וואָס מיין היים איז נאָך אַלץ אַ נאַקעטע שוועל — — — —
נאָר כ'האָב אַ סאַך, אַ סאַך נאָך וואָס צו טאָן...

אין שווערן גאַנג, דו זעסט, ווי יעדער טאָג
אַ פולע פאַס איז, וואָס ברויזט, וועט באַלד צעשפרונגען ווערן.
ס'איז פינצטער, געפאַרן לויערן אַף יעדער ראָג,
און אויך זיי, זיי ציטערן פאַרן מאָרגנשטערן...
נאָר ווען דער שטורעם מיט שטורעם וועט אַריבער,
איבער הימל רונדיקן וועלן זיך צעהעלן זונען,
דעם פיין מיר וועלן אויסזינגען אין לידער,
דעם צאַר מיר וועלן אויסשפילן אַף סטרונעס.

# איך שיק אײַך אַ קלײנע מאַטאָנע

(אַ מאַטאַנע „פרײַ יִשׂראל" צו איר 1015טן יאָרטאָג
און אַלע ציגל־טרעגער צום בּיניען פון דער פראַ־
גרעסיווער פּרעסע אין ישׂראל)

איך שיק אײַך אַ קלײנע מאַטאָנע —
אַ טרער וואָס פינקלט ווי אַ דימענט;
אין פלאַטער און ווי אַ נײַר־טאָמיד,
ער העלט, ער בליצט און ער שימערט.
כ׳האָב באַהאַלטן די פרײדיקע טרער,
אין אַ פראָסטיק נאָוועמבער דעם זיבעטן,
ווען צום ערשטן מאָל כ׳האָב געהערט:
„אַראָפּ דעם יאָך, גענוג געליטן!"

איך שיק אײַך אַ קלײנע מאַטאָנע —
אַ טרער ווי אַ דימענט צעפינקלט;
איך האָב אים געטראָגן אַף מײַן פּאָנעם,
נאָר ער איז ניט געוואָרן פאַרטריקנט.
דאָס איז ניט קײן טרער פון לײַדן;
ווען מען האָט מיך אין „עספּעסיאַל" 1) געשלאָגן,
נאָר די פרייד: פון אויסבאַהאַלטן און שווײַגן...
ס׳זאָל קײנער ניט ווערן פאַרשאָטן!...

---

(1) „סעקסיאָן עספּעסיאַל" — ספּעציעלע סעקציע קעגן קאָמוניזם

איך שיק אײַך אַ קלײנע מאַטאָנע —
אַ טרער װאָס פינקלט װי אַ דימענט;
לױטער, װי אָנהײב כװידעש די לעװאָנע,
װי דער מאָרגנשטערן אין באַגינען.
ס'איז די פרײדיקע טרער פון בױען,
די טרער פון דערלעבן אַ ניצאָכן;
איך שיק אײַך פון זיגן — די טױען,
דעם גוט־יאָמטעװ נאָכן גרױען אינדערװאָכן...

# עס טאָגט אין מײַן קאַנט

עס טאָגט אין מײַן קאַנט,
עס טאָגט און עס בלויט,
דער הימל באַם ראַנד,
איז מיט קרעפּרויט באַזוימט ;
ער זילבערט מיט פּערל,
איז גרוי ווי אַש,
אין ערגעץ פילפאַרביק
ראָז און פאַרבלאַסט.
אַ וואָלקן ווי סאַזשע,
לויערט און וואַכט,
דער שוים פון כוואַליע,
פארגיסט אים די פלאַך.
אַ טויב — דער הימל, פאַרבאָרגן און שטיל,
עס שורשעט און ציטערט אַ צווײַגל, אַ גרינס.
ווי קאָרע פון אַ בעריאָזע,
ווערט בלייך ער פון שרעק.
ווען פעכיקע כמאַרע פאַרלויפט אים דעם וועג.
ווײַל נאָכאַמאָל וויל זי, ווערן זאָל נאַכט.
נאָר אויב ניט נאַכט ? —
איז טונקל-ברוין !
ווי פון קאַשטאַן די הויט,
ווי פאַראָסטעטער אײַזן,
ווי רויט-קאָליר ליגט פאַרברענט און פאַרשעמט.
אויב ניט טונקל-ברוין ? —
איז גרוי !
גרוי ווי אַש.

ווי בלײַ,
ווי דער רויך וואָס ציט זיך פון אַ הויכן קוימען
און פאַרשווינדט אין ווײַט.

נאָר דער הימל זילבערט.
ער ליכטיקט,
ווי מיליאָנען הענט וואָלטן געשײַערט אים,
געוואַשן;
דער הימל איז טיף און פריש און בלענדיק,
ער עפנט זיך ווי אַ צײַטיקער קאַוואָן,
ער קוקט מיט אויגן פון קאַרשן־ביימער,
ער שמייכלט ווי רויטע מאַראַנצן,
בונטע, פילפאַרביקע,
כיִעסדיק־פּולזאַפטיקע,
וואָס שמעקן ווי רויזן,
כאָטש זיי הערן ניט זייער אַראָמאַט,
זעען ניט זייער אייגענע פּראַכט,
געלײַטערט פון טוי.

עס טאָגט אין מײַן קאַנט!
נאָר אָט ווערט גרוי.
אַף יעדן שפּאַן — אַ וואָלקן־וואַנט,
וואָס פאַרשטעלט דעם ליכט־שטראָם
פון פאַרבלוטיקטן הימל.
עס העלט!
אַ שטורעם וואָיעט. ווי וועלף צערייצטע אין געיעג.
ער טרײַבט די כמאַרעס ווי אַ טשערעדע שאָף
געיאָגט פון אַ פּאַסטעך, אַ דעספּאָט;
דונערן וואָרענען מיט שטראָף,
בליצן — מיט סרייפעס אָן אַ סאָף,
מיט שקיִע. מיט קרעמאַטאָרישן בראַנד. מיט טהאָם.
נאָר עס העלט!
יעדער שפּאַן פון טאָג גיסט זיך אויס
ווי פּליסיקער שטאָל
און איז לויטער ווי קרישטאָל.

# די באַלאַדע פֿון סאַנטיאַגאָ פּאַמפּיזשאַן

ער גייט אַ ליכטיקער, סאַנטיאַגאָ פּאַמפּיזשאָן
איבער אַלע גאַסן פֿון די שטעט פֿון אונדזער לאַנד,
די אַספֿאַלטירטע,
די אויסגעפּוצטע אין קאָלירנדיקע ליכט;
ער גייט ווו די אָרעמקייט וואָגלט
מיט אַ לעכערדיקן זאַק;
ער גייט איבער הײַזקעס אָן אַ דאַך,
ווו דאָס פֿאָלק,
פֿון טרוימען צאַרטע און האַרבער וואָר,
אַ נײַעם מאָרגן שמידט;
ער גייט איבער סקווערן,
ווו קינדער הוידען זיך און שפּילן זיך אין זאַמד;
אַ דערהויבענער ער גייט — דער ריז פֿון פֿאָלק,
מיט אים אַ מאַכנע גוואַרן.
ברייט־האַרציקע, גרויסמוטיקע,
מיט פֿרילינג צעפֿלאַטערטן אַף אַקסלען,
וואָס קלעטערן פֿון די מענדאָסער,
פֿון די קאָרדאָבער בערג,
אַף ביכער־בערג
פֿון וווּנדער־וויסנשאַפֿט,
פֿון לויטערן געדאַנק.
אַ מענטשן־מאַסע שפּאַנט
מיט אימפּעט, מיט שווונג,
טערפּקע, פּאַרקליאַנעטע,
וואָס גרויזעווען און לאָדן אָן

אַף פלייצעס זייערע
די איַינגעפלעטשטע.
די הויקערדיקע, די גרודע, סוטולעוואַטע —
דעם פרילינג פון די פעלקער.

מאָרגן... מאָרגן...
קאַיאַר גייט אויף אַף אַ זומער־זילבערדיקן הימל,
אין אַקוואַרעל, סאַמעט און פּאַסטעל.
פעדעם גאָלדענע וועבן איַין זיך אינעם טאָג,
שטראַלן טאַנצן אַ באַלעט,
אַף די פענצטער, אַף די ראָגן,
אַף די פעלדער, אַף די בערג,
אין די טאָלן,
אין די מינעס פון אַלבאַסטער און גראַניט,
פון וואָלפראַם, אַנטראַציט.
פינגער ווירטואָזע,
צניִעסדיקע,
דורכגעוועבט פון צאַרט־געפיל,
שפּילן אַף קלאַוויר;
אַ באָכער אַף אַ טראַקטאָר
די ערד צעאַקערט מיט געזאַנג,
און איינער אַף אַ קאמביין,
אונטער סאַרפּעדיקער זון,
פולע זאַנגען שניַידט;
דער נאַקעט־וואָכעדיקער טיש
איז פול מיט פרייד.
די זאָרג האָט ווינט פאַרטראָגן,
וויַיט ווי שטויב.
דער אינזשיניער
איז מיט וויזיעס ליכטיקע באַלאָדן:
אַ ניַיע שטאָט גייט אויף פאַר אים,
אַף אַ באָדן פון צעמענט און בעטאָן —
אַ שטאָט פון ליבע און שטאָל.

ער גייט אַ ליכטיקער סאַנטיאַגאָ פּאַמפּיזשאַן.
לעם אים זײַן קאַלע.
אַ רויז,
אַ קנאָספּ אַ ווײַסע,
מיט טריט — געמאָסטענע,
מיט פאַרלאַנגען לויטערע ווי טוי,
ווי דער באַגין,
ווי די שטים פון סאָלאָוויי,
ווי די פליגעלעך פון אויראָרא - פלאַטערל
אין מאָרגן - רויט — — — —
נאָר פלוצלונג, אַ גרויל!
די ווּנד אין קאָפּ,
פון אַ ברענענדיקער קויל,
איז ניט פאַרהיילט.
דער שוואַרצער קאַסטן איז אָפן.
ער קוקט מיט שאַרפער שפּאַנונג,
מיט יעסורים, מיט גרויל,
ער שטשירעט, ער שטשופּעט, ער שטשיפּעט,
אין גאַנצן לאַנד טראָגט מען אים אויף אַקסלען;
זיי טראָגן אים די ברידער זײַנע,
די סטודענטן —
די גוואַרדייער קעגן פאַשיזם אין מײַן לאַנד.
די פויסטן פאַרקלעמט,
שפּיציקע שטיינער האָגלען:
פאַרוואָס האָט איר דאָס לאַנד פאַרשעמט?!
פאַרוואָס האָט איר געהאַרגעט פּאַמפּיזשאַנען?!

# צו אײנעם פֿון װיעטקאָנג

צו אײנעם אַ ברודער פון װיעטקאָנג,
װאָס ליגט אין אַ דזשונגל פאַרטאַיעט,
אין װוּנדן װאָס שפּריצן מיט פײַער,
אין הונגער — װאָס טשיפּעט און קלעמט,
באַלאַגערט פון יענקישע כאַיעס,
װאָס צעטרעטן זײַן ערד,
באַפּאַלן װי מאָנסטערס זײַן היים און זײַן װײַב;
און האָגלען מיט טױט;
צו אײנעם אַ ברודער פון װיעטקאָנג
שטרעק איך מײַן האַנט:
איך בין װײַט פון דײַן לאַנד,
װאָס װערט יעדן טאָג פון שאַקאַלן באַפאַלן — — — —
(איז װאָס אויב איך װײַן?)
דײַן היים איז פאַרװיקלט אין פײַער און רויך,
דער טויט קוקט אַרײַן דורך די שױבן,
עס טרײסלען זיך די בערג,
די שטערן אַנטלויפן.
די הימלען פון װיעטנאַם װערן טאָג און נאַכט באַלאַגערט
פון שװאַרצע, שטאָלענע, יענקישע פייגל.
זיי צינדן שטעט,
זיי ברילן מיט גרויל,
דער װינט פאַרטראָגט קנױלן רויך,

וואָס דערשטיקן קינדערש געוויין,
און פּײַן פון מאַמעס,
ווי פאַרטראָגן ער האָט דאָס אַש פון אָשוויענטשים,
ווען נאַצים האָבן געסאַמט און געברענט מײַן פאָלק.

מיר זייַען ברידער צוויי פון איין פראָנט,
וואָס ציט זיך פון דאָרעם ביז מיזרעך.
דער זעלביקער הימל באַדעקט אונדזער ערד.
דער זעלביקער סוינע לויערט מיט זײַן שווערד,
ער לויערט אַף מײַנע און דײַנע וועגן.
נאָר אַף דיר געפאַלן איז אַצינד די שווערע אָנגריף-לאַסט,
האָסטו זיך גווורעדיק געשטעלט אַנטקעגן,
און דעם יאָך,
אַף פיצלעך צעשלײַדערט.
איך זע דײַן לײַדנדיק פּאָנים,
אין שווערן פאַרמעסט,
אַזוי ראַנגלט זיך די זון קעגן שטורעם-וואָלקן:
זי ראַנגלט זיך און האָפט,
זי ראַנגלט זיך און זינגט,
זי ראַנגלט זיך און טרוימט,
זי ראַנגלט זיך און שטראַלט.
דײַן יעדער געוואַגטער שפּאַן,
צינדט ליכטיקע בסורעס אין דער וועלט.
דער גוירל פון די פעלקער שפּילט זיך אָפּ אַף דײַן ערד.
ברודער פון וויעטקאָנג!

קאַמפס-כאַווער פון וואַרשעווער געטאָ!
פלאַם פון רויט-אַרמייאישער גווורע!
סירענע פון אַלע בונטאַרן,
וואָס האָבן אַף פעלדער פון שפּאַניע,
טאָג און נאַכט, געקעמפט און געפלאַמט:
„נאָ פּאַסאַראַן"!
„נאָ פּאַסאַראַן"!

און דו אין פײַער און אין בראַנד,
מיט אַלע קויכעס אין גערעאַנגל,
שפּאַנסט אין אַטאַק מיט פויסטן פאַרקלעמטע:
„נאָ פּאַסאַראַן"!
„נאָ פּאַסאַראַן"!

****

דו ביסט מיט מיר אַף אַלע וועגן ווו איך גיי,
דיַין קאָל — פון זיַיד־געוועבן, ווי אַ ווינטל צווישן צוויַיגן שוועבט;
כ׳וויל דיר ניט דערציילן, אַז נאַכט לעם מיַין פענצטער שטייט,
און פון מיַין הייסער טרער, וואָס פינקלט פון אַ וואָרט,
אַ ניט־דערערדטס.

ווען דער טאָג קומט אָן, פאַרגייט דער מאָרגנשטערן,
ער פאַרשווינדט אין די טיפע שפיגלען פון בלויען הימל —
לויטערע ווי דיַינע אויגן וואָס קוקן אַזוי גערן,
ווי קלאַוועלן, אין אַ פרימאָרגן פול מיט שטוינונג אין אַ שטילן.
אינגיכן וועט זיַין פרילינג אַף דער גרויסער ערד,
די זון — ווי אַ באַרג, וועט צו אַלעמען קוקן קלאָר;
מיַין פרייד איז אַלעמאָל אַ ביסעלע פאַרטרערט,
און ווי אַ שאָטן טרעט ניט אָפּ פון מיר די זאָרג.

# אין אַ באָנאַכטיקער שאָ

אַ לעבעדיקן טרוים פיר איך אַף אַ וועגעלע,
וואָס די צײַט טרייסלט און שלײַדערט.
דער רעגן — זײַן פּאָנים שווענקט,
דער ווינט — די האָר צעשויבערט.
איך גיי, איך שטופּ אים פאָרויס,
מײַן רוקן — אײַנגעבויגן, די פינגער — פאַרקלעמט.
מיר איז גוט, כ'האָב מײַן קלאַס ניט פאַרשעמט,
די וויזיעס פון מײַן פאָלק —
כ'האָב מיט ציטער געשפּינט,
ווי אַ וועכטער זיי געהיט,
ווי אַ גערטנער זיי געפלאַנצט,
דערנער געריסן, ס'זאָל ניט וועלקן און דאַרן.

מיר איז גוט.
ווי אַ שמיד, כ'האָב פײַער געבלאָזן,
געקאָוועט און געשווייסט,
געהאַמערט און געהייצט,
פון זשאַרנדיקן רויטגלי, אַ פלאַקער איז געוואָרן.
גוט איז מיר, וואָס איך, אַן איינס פון אַ מיליאַרד,
אַ פּיצל-טיילכל בין, אין לײַכטנדיקן,
פינפּעקיקן שטערן,
אָט דער מעכטיקער,
קערנדיק - פאַרהאַרטעוועטער גיגאַנט,
וואָס אַזוי לויטער העלט,
און דער מילך - וועג איז ער,

פאַר די [illegible],
װוּ די פעלקער-פרײַהײט װערט געבוירן;
דער װירטואָז-קאָמפּאַס פאַר די שטאָל-גיסער איז ער,
פאַר די זינגער,
פאַר די טאָקער,
פאַר די גאַגאַרינס,
די בױער פון לעגענדאַרן לײטער,
אױף װעלכן דער מענטש װעט אַרױף און אַראָפּ,
און צעשטערן װעט ער
די לוכעס פון היפּאָקריזיע,
און טוירעס-שעקער,
און ס'געבאָט פון שאָלעס װעט ער ברענגען
צװישן מענטשן און פעלקער.

די צײַט האָט אױפגעהערט גײן איר אײביקן גאַנג
אין דעם צעברױזטן אָקטאָבער,
װען אַ באָלשעװיק,
אַ באַװאָפנטער מיט לענינס װאָרט
און מיט אַ ביקס,
האָט דעם זײגער פון דער געשיכטע,
אַ שטױס געטאָן פאָרױס;
האָט זי מיט שליכעס אָנגעשטאָלט
פון די לױטערסטע װיזיעס:
װאָס פאַרזײט האָבן די נעװיאים;
די זעלאָטן-בונטאַרן;
די מאַקאַבײער — —
גיװאַרדײער קעגן פרעמדע אונטערדריקער;
די העלדן פון קאַרטאַגאָ;
דער שקלאַפן-באַפרײַער; ——
דער מענטש פון גװורע און קוראַזש,
ספּאַרטאַק;
די מאַרטירער:
דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, באַרעך שפּינאָזאַ —
די אײַז-ברעכער פון סכאָלאַסטישן גלױוער;

די רישפּעלן פון געדאַנק;
מאַרקס און ענגעלס —
די גרונט-לייגער, די זיַילן פון וועלט-באַניַיונג,
די מאַרטירער פון טשיקאַגאָ;
די מיליאָנען אַנאָנימע העלדן;
דער ליַיכט-טורעם פון אונדזער פּלאַנעט:
לענין.

אַ לעבעדיקן טרוים פיר איך אַף אַ וועגעלע,
וואָס די ציַיט טרייסלט און שליַידערט.
שטורעמס האָבן אים באַגלייט,
הוראַקאַנען ט'ער באַגעגנט.
נאָר ס'וואַקסט, ס'בליט, ס'ציַיטיקט דער טרוים,
ווי אַ פּילפאַרביקער רעגנבויגן,
וואָס פאַרגאַרטלט דעם רוים.
מיר איז גוט און איך וויין,
איך זע,
נאָר אויגן מיַינע זיינען פאַרטרערט
פון וויי און פרייד;
דער אימפּעטיקער דראַנג פון מיַין דאָר,
האָט געבראָכן צוימען,
וואָס אין אייביקייט זיי האָבן געגליווערט;
האָט דעם קויטיקן מאַבל פאַרהאַלטן;
האָט געהאַמערט און געשטאַלטיקט;
האָט די פאָן, וואָס איז מיליאָנען מאָל
געוואָרן צעשטיקלט פון סוינעס נעגל,
פאַרריכט מיט די צאַרטע פעדעם פון הערצער,
און זי אויפגעוויקלט,
אַצינד זי פלאַטערט אַ שטיַיף-פאַרקניפּטע,
אַף אַלע מאַסטן פון דער וועלט
דאָס געזאַנג זי הערט אַף אַלע לעשוינעס — — — —
און אַף מיַין יידיש לאָשן,
וואָס איז דורכגעווייקט זעקס מיליאָן מאָל
יעדע שאָ,

פון צאַר און פּײַן,
איז מיליאָנען מאָל געווען, פֿאַרשפּיגן און צעטראָטן.

אַ לעבעדיקן טרוים פֿיר איך אַף אַ װעגעלע,
װאָס די צײַט טרייסלט און שלײַדערט.
איך קלעטער אַף רושטאָװאַניעס,
דעם פּאַלאַץ כ׳זע אין זײַן פֿולער פּראַכט.
נאָר אַצינד איז מײַן האַרבסט,
די זון באַהאַלט זיך הינטער הױכע טורעמס.
די נאַכט מיט שטילע טריט קומט אַרײַן,
אַפֿן האָריזאָנט זי קוקט,
ער איז דורכזיכטיק־בלוי,
סוידעסדיק ווערט ער פֿאַרטונקלט,
די לעצטע שאָען פֿון מעסלעס,
באַגלייט די זון מיט געזאַנג.

# צו מײַן הײמלאַנד

(אין 50טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע)

כ׳קוק צו דיר היימלאַנד מיט בענקשאַפט אין אויגן,
מיט ברויז און צאַפּל ווי אַ בוים אין שטורעם,
מיט אָדלערשן שוונג,
מיט צעפּאָכעטע פליגל פון אַ טויב,
מיט ציטערדיקן פלאַטער פון רויט-קעפּעלע,
וואָס פאַרהיט איר נעסט פון רויב;
כ׳קוק צו דיר מיט רעגונג און אויפריר,
אין ספּאַזם איך פּאַלפּיטיר,
ווען איך הער די גאַזעלאָוויע-גענדזן-טריט
פון דער דערוואַכטער גערמאַניע,
עס דרעשטשעט מײַן גוף
פון מײַן געמאָרדעוועט לעבן,
נאָר כ׳שטיי אויף אין געראנגל
מיט פויסטן פאַרקלעמטע,
און זינג צו דיר אַ געזאַנג:
היימלאַנד מײַן גרויסע!
היימלאַנד פון אָקטאָבער!
היימלאַנד פון פרײַהייט!
היימלאַנד פון שאָלעם!

כ׳בין געווען אַ באָרוועס ייִנגל
ווען כ׳האָב דיך דערקענט,
אין פרעסט און קעלט,

ווען ס'האָבן געבושעוועט זאווייען און פּאָגראָמען;
כ'האָב די רויטע פאָן געטראָגן
אין מײַנע שוואַכע הענט.
איך געדענק ווען מײַן שטעטל האָט געברענט
פון סוינעם פלאַמען;
מאַניפעסטאַציעס פון פאַרהאָרעוועטע טאַטעס און מאַמעס,
מיט יאָך אַף פּלייצעס,
מיט לידער הייסע,
און כאָטש עס האָט געשטורעמט דער געוויטער,
האָבן זיי געזונגען:
„אַראָפּ דעם יאָך, גענוג געליטן"

אַ באָרוועסער כ'בין אַוועק אַף מײַלן ווײַט,
באָרוועס כ'גיי דאָ אום
אַף דער ערד,
ווי טאָג און נאַכט איך האָב
געהאַמערט און געטאָקט
און ווי אַ וועכטער — אין די נעכט געוואַכט.
נאָר צו דיר מײַן היימלאַנד,
כ'האָב קיינמאָל ניט די אויגן צוגעמאַכט.
כ'קוק צו דיר איבער יאַמען,
איך שטרעק צו דיר מײַנע הענט,
היימלאַנד פון מײַנע אָוועס:
די סטאָליאַרס, די באַלעגאָלעס,
די בלעכערס,
און אַנטיפאַשיסטישער מעסירעס-נעפעש;
היימלאַנד פון אָקטאָבער און „אויב ניט נאָך העכער!"

היימלאַנד פון בויער און שמידער,
היימלאַנד פון לענינס אָנגעצונדענע פײַערן,
וואָס לײַכטן אין אַלע ווינקעלעך
פון דער גרויסער ערד
און אַף אַלע יאַמען;
היימלאַנד פון ליכטיקע בסורעס
וואָס פינקלען ווי שטערן;

פון האָפענונגען צעבליטע
ווי רויטע קלאַוועלן;
היימלאַנד פון „טרייסט מײַן פאָלק",
היימלאַנד ווו ס'ווערט געשמידט
פון געפיל און שטאָל,
פרײַנטשאַפט און שאָלעם;
היימלאַנד פון העראָישער גווורע
פון טענצער און זינגער
און פליער אין די רוימען,
היימלאַנד פון מײַנע ליטערסטע טרוימען
און טיפסטע באַגערן.
איך רוף צו דיר איבער בערג,
איך זינג צו דיר איבער יאַמען,
ס'פאַלן ווערטער מײַנע ווי טוי, אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן:
זײַ געגריסט אין גאַנג אין שווערן,
לאַנד פון פעלקערהאָפענונג
און פון צעגרינטן ביטאָכן.

# אַ דאַנק

איך בין דאָ, איַינגעמאַשטשעט אַף אַ ראָג,
אין טיפן זון־פּאַרגאנג — — —
אַזוי אַ טרעגער שטייט אין פּאָרט,
מיט אַ שטריק אַף אַקסלען;
אין אַלע זיַינע טעג,
האָט ער זעק און קאַסטנס
געזשוויגעט און געטראסקעט,
און איז אין קויכעס נאָך,
צו אָנהויבן אויפסניַי.

ערגעץ האָט אַ שטורעם אַ טיר פאַרהאַקט,
נאָר הענט מאַזאָליקע זי עפנען,
מיט שטורעם און מיט האסט.
כוואַליעס לידער הייסע,
צעשפּליטערטע,
קומען אָן, ווי פייגלען פון דער וויַיט;
אַ פּלייט די פרייד פאַרזייט,
און עס פינקלען שטערן,
ס'ווערט נאָענט מיר דער טאָג
וואָס שאַרט זיך שטיל אַוועק,
און דער סאָד,
וואָס דער פיַיפנדיקער ווינט צעטראָגט,
אין הימל שפּראָציקן פאַרטאָג,
אַז דער מאָרגן זאָל נאָך קומען היַינט...

דרײַסט און גיבערדיק ווײל איך אָנהויבן אויפסנײַ,
ווי נעכטן גרייט זײַן: באַגעגענען,
זיך ראַנגלען מיט געוויטער אַף די וועגן.
אָ!
העלדן־מוטיקער — נעכטן
מעסירעס־נעפעשדיקער — הײַנט,
איך בין שטאָלץ געהערן צו דעם שמידער־דאָר,
וואָס ענדערט האַרט און צאַרט,
דעם גאַנג,
פון דער אַלאַרמדיקער
און גערױנגלדיקער וועלט,
וואָס ווערט געקערעוועט אין אָנשטרענג
און אַנטשלאָסן,
אַף בערג,
וואָס וועלן אייביק גרינען.

איך קום פון דעם באַגינען,
ווען הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן און פאַרמאַכט;
איך קום אַ באָרוועסער פון דער שלאַכט,
וואָס האָט די רישעס צעטרעשטשעט און צעהאַקט;
איך קום מיט בליאַסק און קוראַזש,
איך קום מיט מאָרגן־רויט אַף אַקסלען;
איך קום מיט ברידער וואָס האָבן פליגלען
פון אַן אָדלערשווונג —
נאָר ניט אַף די קופּאָלן פון די שטעט זיי בלײַבן,
און ניט אַף שלאַנקע מאסטן;
זיי גייען אום ווי גערטנער אַף דער ערד:
זיי אַקערן, זיי זייען, זיי יעטן,
עס זאָל וואַקסן נאָכאַנאַנד
און אייביק גרינען זאָלן בלעטער.

איך קוק מיט דאָרשטיקע אויגן צו דער ווײַט
אַזויפיל העננגדיקע פרײַנטשאַפט־בריקן
באַהעלט פון בליציקער צעשטראַלונג,

אף די וועגן,
וואָס טראָגט דעם נאָמען: לענין.
פון זײַן ליכט־שטראָם פונקען שפּריצן,
איינע, איז אויך אין מיר אַ פלאָם געוואָרן —
דער פלאָם וואָס ליכטיקט איבער יאָמען
און איבער ערדן שײַנט.
פאַרהאַרטעוועט פון האָגלען און פון שטורעמס,
ווייל איך אָנהויבן אויפסנײַ,
און פאַרן נעכטן — כ׳דאַנק;
איך דאַנק, פאַר געהערן צום גרויסן דאָר,
וואָס האָט קייטן פון יאָרטויזנטער צעשמעלצט;
גאָרקין איך דאַנק:
פאַר העלפן מיר דערקענען,
די גרויסקייט פון פּאָשעטן מענטש;
אַ דאַנק מײַן מאַרטיר־פּאַרטיי,
אין שטענדיקער פאַרהוילונג,
זי האָט אין מיר פאַרזייט:
קלאָרקייט און מוט,
דעם סיגנאַל פון וואַך־זײַן,
דעם גלויבן וואָס לויטערט ווי באַגין;
אַ דאַנק די שעפערישע זין פון מײַן פאָלק,
וועלכע איך טראָג אין מײַן האַרץ — — —
אַ דאַנק פאַר אַלץ!

# אינהאַלט



## שטערן אַף דער ערד

## אין געראַנגל און פאַרמעסט